Goldfaden, Abraham.
Di Yudene : fersheyedene gerikhte un theater in prost Yudeshen.
Odesa, 1872.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1915.16

**Goldfaden, Abraham, 1840-1908.**
Di Yudene : fersheyedene gerikhte un theater in prost Yudeshen.
Odesa : Ulrikh et Shulttse, 1872.
92 p. ; 22 x 28 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Ukraine-Odessa

ID : NXYH02-B7412 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /17578

Reduction ratio X 10.0

# דיא יודענע

פערשיידענע געריכטע אונ טהעאטער

אין פראסט יודעשען

פון

## אברהם גאלדפאדען

(דער מחבר פון׳ם "יודעלע")




אדעסא
בדפוס אולריך עט שולצע.

# ДИ ИДЕНЕ

т. е.

# ЕВРЕЙКА

или

Собраніе лиро-эпическихъ и драматическихъ сочине-
ній на жаргонѣ

**А. ГОЛЬДФАДЕНА**

ОДЕССА.
Въ типографіи Ульриха и Шульце.
1872.

# דער אינהאלט.





Дозволено цензурою. Одесса, 17 іюля 1872 года.

# גלייך וויא איין הקדמה

א טהייער ווערק האט אונז ארויסגעגעבן דיא טבע
אין דער שיינער צערטליכער פיינער נקבה
נאר-ווער איז איהר שולדיג, אז זיא מאכט אליין קאליע
איהר גילדענעם גלאנץ, איהר שיינע אמאליע
איהר חינעוודיגען שטערין-קנייטש זיא מיט כעס
איהרע רויטע ליפען-ווערין טויט בלאס
פון איהר קעלכען-הערט מען קיין לידעל קיין פיינס
איהרע נאהטען איז דיא תוכחה, קללות-איהר ראמאנס
פון איהר שיין פיסקעל-ווערט א מיאוסער פיסקאטש
פון איהר צערטליך האנדיל-חאפט ניט איין דינסט א פאטש
איהר איידעל פיסעלע-טופעט שטארק אויפ'ן מאנן
און דער מאנן ?-איהם קענן גאר אין קאפ ניט אריין
און דאס נשמהעלע-ווערט א רוח א שווארץ יאהר
דאס טייבעלע-איז געווארען א פיקהאלץ גאר
דאס קעצעלע-דראפעט איהם אויס גאר דיא אויגען
ואדי וואס קען איהם שוין אזא סחורה טויגען
פון זיין לעבען האט ער דאך שוין בלויז קיין הנאה
זיין חיהניא-איז געווארען א חיה רעה
זיין שרה-א צרה, זיין חנה פאהנע
פון זיין פיינע-א פגע, א דראנגע פון זיין טראנגע
אז איינע טרעפט אן אויף דעם וואוילען האז
אדי קומט דערפון ניט ארויס קיין נחמה
ער ווייזט ער איהר מיטען פינגער אויף דער נאז
עס איז שוין א צייכען אויף א שטארקער מלחמה
נאך-הייבט מען אן צו היזשען אזויא וויא פערד
נאך ווארפט מען דיא טאטעס ארויס פון דער ערד
נאך-פעכט מען זיך מיט דיא פינגער אזויא
חאפט אין פלען זיין בארד, ער-איהרע צעפ



דערנאך-ווערט שוין טאקי א קאלאטשנע בוי
דערנאך-פליהען באמבעס אזויא גרויס וויא טעפ
דערנאך לויפט זיא זיך טרינקען... אונ ווערט נצול באלד
דערנאך-דערנאך וויא איז זייער בושה געוואלד
דאס איז נאך ערגער פונ'ם גאנצען געריידער
ס'ווערט שלום ! אונ אין דערפריה פאטשט מען זיך ווידער....
אונ אז זיא קען שוין גאר געגען איהם ניט בעשטעהן
חאפט זיא דאס טיכעל אונ מאכט א געוויין
נא נא צווויינט זיך נאר נישט דא מיין נשמה
איהר קענט מיר פערמארקען מיין גאנצע הקדמה
אויף אייך ארט מיך ניט אזויא בנאמנות
אז איהר אליין האט אויף אייך קיין רחמנות
אייערע ערוואקסענע קינדער טהוט אונז יאה באנק
זייא בלייבט'ס געבוך בירושה אויף לאנג.—
מיינט ניט אז אייך וועט ניט וויסען קיינער
אז איהר וועט אייך גאר אין דער שטיל ברעכען דיא ביינער
איהר וועט פערשליסען טהיר אונ טהוירען ?
דינסטען האבען אויגען שכינות האבען אויערן
ס'וועט וויסען.... איהר וועט ווערין צום משפט געשטעלט
אונ משפט'ן-וועט אייך דיא גאנצע וועלט !....
דרום מיין ליעבע יודענע אדער בעססער מאדאם
(ווייל צו יודענע קען איך ניט געפינען קיין גראם)
זייט בעססער שלום קריגט אייך ניט חלעבען
פערסאמט אייך ניט אליין אייער זים לעבען
אין דעם זכות וועט אייך דערפאר בוואדי
אייער מאנן מאכען קליידער נאך דער לעצטען מאדע
שונאים וועלען פערשפארען האבען א נקמה
אונ איך-צו שרייבען אזא וויסטע הקדמה.



# שְׁלָאף מַיין קִינְר *)

1.

שְׁלָאף אִין פְרֵיידֶען
דוא וֶוייסְט קיין לֵיידֶען
שְׁלָאף זְשֶׁע שְׁלָאף מַיין קִינְד !

שְׁלָאף מַיין פֵּייגֶעלֶע,
מַאךְ צוּ דָאס אֵייגֶעלֶע,
שְׁלָאף זְשֶׁע שְׁלָאף גֶעזוּנְד.

2.

דֶער שְׁלָאף דֶער גוּטֶער
וִויא אַ הִיטֶער
שְׁטֶעהְט בֵּייא דִיר בִּיז פְרִיה ;

אוּנ מִיט זַיין פְלִיגֶעלֶע
אוֹיף דַיין וִויגֶעלֶע
דֶעקְט עֶר שְׁטִילל דִיךְ צוּ. —

3.

וֶועסְט נאָךְ אוֹיךְ גֶעפֶעלל'ן
צְווִישֶׁען אַלֶע מַאמְזֶעל'ן
וֶועסְט זִיךְ דְרֶעהֶען אַהֶער אוּנ אַהִין ;

אוּנ פוּן דַיין וִוינְדֶעלֶע
מַיין קְלֵיין קִינְדֶעלֶע
וֶועט וֶוערִין אַ קְרִינַאלִין. —

---

*) דאָס ליעד איז געמאכט געוואָרין דעם קינד גיטעלע בת ר' מאיר ווארשאוווסקי בזיטאָמיר ווען דאָס איז געבוירען געוואָרין.



4.

וֶועסְט אַרוֹיס פוּן דֶער וִויג
הָאט מֶען אַרְבֵּייט גֶענוּג
פַאר דִיר אָנְגֶעגְרֵייט אַצוּנְד

צוּם לֵייעֶנֶען — בִּיכֶעלֶעךְ
צוּם שְׁטִיקֶען — טִיכֶעלֶעךְ
דֶערְוַוייל שְׁלָאף זִיךְ אוֹיס מַיין קִינְד

5.

אַ סַךְ מֶענְשֶׁען פֵייגֶע
צוּ דִיא עֶלְטֶערֶען צוּ דַיינֶע
וֶועלִין קוּמֶען אִין שְׁטוּבּ אַרַיין ;

יָא דָאס אִיז אַ דִימַאנְטֶעלֶע
אַ גוּטֶעטְשְׁקֶע אַ בְּרִילְיַאנְטֶעלֶע !
אַזוֹיא וֶועט זֵייעֶר שְׁמִים זַיין ;

6.

אוּנ צְווִישֶׁען דִיא יוּנְגֶעלַייט
וֶועסְטוּ זֶעהֶען אִין דֶער זַייט
אֵיינֶעם רַייךְ, גֶעבִּילְדֶעט אוּנ שֵׁיין ;

וֶועט וֶוערִין אַ רוֹיט פְלֶעקֶעלֶע
אוֹיף דַיין בֶּעקֶעלֶע. . . . .
וֶוער וֶועט פֶערְשְׁטֶעהְן דַיין מֵיין ? —

7.

אוּנ אַז דַיינֶע עֶלְטֶערִין וֶועלֶל'ן
זָאגֶען : סְ'אִיז גֶעפֶעלֶל'ן
אָט דֶער אִיז דִיר בַּאשֶׁערְט דֶער אָה !

דֶענְסְמָאל וֶועסְטוּ, טֶעכְטֶערִיל
טְהוּן אַ גֶעלֶעכְטֶערִיל ;
סְ'וֶועט הֵייסֶען אַזוֹיא פִיעל וִויא «יָאה».

8.

און אז מ'וועט די מחותנים
לייגען מזומנים
צום קנאסמאל אויף דעם טיש ;
דענסטמאל וועסטו כלהבען
אין ביין מיילכען
חאפען דעם ערשטען קוש ;

9.

און אויפ'ן גרויסען באל
מיט דעם טאנצען אין זאל
אז מ'וועט אנמאכען א ווינד ;
דענסטמאל וועסטו, מאמעלע
ווערען א דאמעלע. —
שלאף זשע שלאף געזונד ! —

10.

און אז דו וועסט האבען א קליינינג'ס
א פייניננג'ס א שייניננג'ס
זאלסטו אויסקושען וויא איך דיך אצונד
איטלעכ'ס גלידעלע
און זינגען דאס ליעדעלע :
„שלאף זשע שלאף מיין קינד".



# מיין באבעס חלום

## א.

„הער אוים מיין קינד ס'איז דאך נאריש חלעבען,
„דוא מענסט דיר זיין, וויא זאגט מען א פיינער יונגערמן,
„און פון וואס דוא ווילסט דיר ניט האלטען און גלייבען
„אבער אויף דעם וועסטו מיר אליין מודה זיין
„אז פאר א חלום האט מען זיך טאקי צו שרעקען
„עפים איין אמת מוז דאך דארט פארט שטעקען ;
אט וועלל איך דיר באלד דערצעהלען מיין קינד
„א חלום—איך געדיינק איהם נאך וויא אצונד
„אז—אוי—וועו איך געדיינק איהם נאך וויא אצונד
„געהט מיר איבער, איבער דעם לייב אזשע א גרויל !"
אזויא האט א מאהל מיין באבע צו מיר געמאכט
ווען זיא איז געזעסען אום ווינטער ביי נאכט
לעבען הריבע וואס זיא האט געגליהט
און האט זיך איהרע אלטע קריזשעס געפריהט
דיא פים הינטער זיך ארינטער געריקט
און האט זיך פון א זיפ פעדערין געפליקט.
זיא איז קיין נאר געוועזן—און האט ליעב געהאט צו קלערען
און איך פלעג שטענדיג איהרע מעשות מיט חשק הערען.—

הער זשע אוים—הייבט זיא אן בלאס וויא דיא וואנד
איך געדיינק דאס נאך כמעט אזויא וויא היינט
ערב פסח איז דאס געוועזן—ביי נאכט 12 א זייגער
איך האב זיך דעם טאג אנגעהארעוועט, להבדיל, וויא א גוי
בין איך וויא א טויטע צוגעפאללען צו דעם געלעגער
איך ווער אנטשלאפען געשמאק—און מיר חלומט זיך אזויא :
איך בין געשטארבען—און דער מלאך איז געקומען צו יאגען,
און האט מיך אויפ'ן הימעל ארויפגעטראגען......
איך גיב א קוק פאר זיך א ריינער זויבערער טייך. . .

אונ אַרוּם אִיהם שְׁטֶעהֶען דַייטְשְׁלֶעךְ אַ סַךְ
קוּרְצֶע, לַאנְגֶע, גְרָאבֶּע, אָנְגֶעטהוּן אִין שְׁוַוארְצֶען:
פְּלוּצְלוּנְג–אוי סְ'האָט מִיךְ אַזְש פֶערְחַאפְּט בַּיים הַארְצֶען–
אִיז צוּ דָער מַלְאָךְ דוּמָה מִיט אַ ווִילְד גֶעשְׁרַייא
אונ האָט אַזַא רִים גֶעטוּהן דִיא קְלַיידֶער פוּן זַייא
אַז ער האָט זַייא אַרָאפְּגֶערִיסֶען אִין אַיינֶעם מִיט דֶער הויט
אונ זַייא זֶענֶען אַללֶע גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן רוֹיט...
דֶערְנאָךְ אִיז ער ווִידֶער מִיט זַיין שְׁווֶערְד צוּגֶעלָאפֶּען
אונ דִיא פִּיס אונ קאָפּ פוּן זַייא אַרָאפְּגֶענוּמֶען
אונ ווִיא ער האָט זַייא אִין דֶעם טַייךְ אַבַיין גֶעוואָרְפֶען
זֶענֶען בְּאַלְבֶּעלֶעךְ פוּן אוֹיוֶוען אַרוּיף גֶעשְׁווִימֶען
עֶס האָט נִיט גֶעדוֹיֶערְט קַיין עֶטְלִיכֶע מִינוּט
אִיז דֶער טַייךְ רוֹיט גֶעוואָרִין פוּן גאַללֶע בְּלוּט...
אִי פְרֶעג דֶעם מַלְאָךְ–וואָס דאָס בֶּעטַייט?
"דאָס–עֶנְטְווֶערְט ער–זֶענֶען דִיא פֶערְשַׁייטֶע לַייט
"וואָס האָבֶּען נִישְׁט גֶעהַאלְטֶען פוּן קַיין יוּדֶעשְׁקַייט
"זַייעֶרֶע קאָפּ זֶענִין שְׁטֶענְדִיג אָן הִיטְלֶען גֶעוֶוען
"אונ זַייעֶרֶע פִּיס פְלֶעגֶען קַיינְמאָל אִין שוּל אַבַיין נִיט גֶעהֶען!..
גָא נָא זאָג אִיךְ–רבש"ע אַוואַדִי אִיז רָעכְט
דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, אִי דַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט. –

אִיךְ פאַסְפִּיֶע נאָךְ נִיט דאָס אַרוּים צווּאָגֶען
אִיךְ גִיב אַ קוּק–אוי אַ דוּנֶער האָט מִיךְ דֶערְשְׁלאָגֶען–
טַאקִי דִיא אַייגֶענֶע דַייטְשְׁלֶעךְ–זַייא לֶעבֶּען שוין ווִידֶער
נאָר זַייא לִיגֶען אונ מְ'צִיהְט זַייא אוּיס דִיא גְלִידֶער...
אונ וואָס האָט מִיךְ נאָךְ מֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט אויף זַייא
וואָס זַייעֶרֶע לַייבֶּער זֶענִין גֶעוֶועזִין גאָר ווַייס ווִיא שְׁנַייא
אַרוּם זַייא שְׁטֶעהֶען אַ סַךְ יוּדֶענֶעס אונ ווַייבֶּער
אונ מִיט אַייזֶערְנֶע שְׁפִּיצֶעס שְׁטֶעכֶען זַייא, זַייא דִיא לַייבֶּער..
"דאָס–זאָגְט דֶער מַלְאָךְ–אִיז זַייא דֶערְפַאר גֶעקוּמְמֶען
"ווייל זַייא הָאבֶּען נְקֵבות בַּייא דִיא הֶענְד אָנְגֶענוּמֶען!...



גָא נָא טְרַאכְט אִיךְ–רבש"ע אַוואַדִי אִיז רָעכְט
דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, אִי דַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט. –

עֶס האָט נִישְׁט גֶעדוֹיֶערְט אַזוֹי פִיעָל ווִיא אִיךְ רַייד דָא מִיט דִיר
אִיךְ גִיב אַ קוּק–אוי אַ ווַייטָעג אִיז מִיר–
טַאקִי דִיא אַייגֶענֶע דַייטְשָׁען שְׁטֶעהֶען אַלֶע אויסְגֶעצוֹיגֶען
דִיא מַיילֶער אָפֶען–צוּגֶעמַאכְט דִיא אוֹיגֶען
אונ דֶער אַייגֶענֶער מַלְאָךְ קוּמְט אַללֶע מאָהל צוּגֶעהֶען
אונ ווַארְפְט יֶעדֶען אִין מויל אַבַיין אַ צוּגְלִיהֶעטֶען שְׁטֵיין!...
אִין דִיא בַּייכֶער האָט גֶעזאָטֶען–אונ ווִיא אַ חַמַארֶע
האָט גֶעזֶעצְט פוּן דִיא מַיילֶער דִיא גֶעדִיכְטֶע פַּארֶע
"ווייל זַייא האָבֶּען–זאָגְט דֶער מַלְאָךְ פוּן גוּטֶע יוּדֶען גֶעשְׁפֶּעט
"אונ האָבֶּען מִיט זַייעֶרֶע מַיילֶער נִיוּוּל–פֶּה גֶערֶעט!...
גָא נָא–טְרַאכְט אִיךְ–רבש"ע אַוואַדִי אִיז רֶעכְט
דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, אִי דַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט; –

"שְׁטֶעה! – זאָגְט דֶער מַלְאָךְ ווֶעסְט נאָךְ עֶפִּיס זֶעהֶען
"אַיידֶער אִיךְ ווֶעלל מִיט דִיר אִין גַן–עֵדֶן אַבַיין גֶעהֶען
ווֶעל אִיךְ דִיר ווַייזֶען נאָךְ אַ שֶׁענֶערֶע זַאךְ
דוּא זֶעהסְט דאָרְט אַ פַייעֶר קוּק זֶשֶע גְלַייךְ
אִיךְ גִיב אַ קוּק–אַיין אוֹיוֶוען–טַאטֶע גֶעטְרַייעֶר
אונ אִין אִיהם אָט גֶעבְּרֶענְט אַ גֵיהִינָם פַייעֶר
אִינְווֶוענְדִיג שְׁטֶעהֶען טֶעפְּלֶעךְ אַללֶע צוּגְלִיהְט
פאָרְלֶעכְוַוייז שְׁטֶעהֶען זַייא–אונ אִין זַייא זִידְט
דָארְט פְרֵיינְלֶען זִיךְ פוּן יוּנְגֶע נְשָׁמָה'לֶעךְ דִיא קאפְּלֶעךְ
אונ וואַרְפִין זִיךְ, אונ קְווִיטְשֶׁען אַרוּים פוּן דִיא טאפְּלֶעךְ...
"אָט דִיא פאָרְלֶעךְ–זאָגְט דֶער מַלְאָךְ–אִיז אַ זָכָר מִיט אַ נְקֵבָה
"זַייא זֶענֶען דַאווְקָא קַיין מַאן אונ ווַייב גֶעווֶען
"נאָר בַּיים לֶעבֶּען הָאבֶּען זַייא גֶעהַאט אַ טֶבַע
"צוּ שוּשְׁקֶען זִיךְ אונ סוּידֶען זִיךְ קַיינֶער זָאל נִיט זֶעהֶען...
גָא נָא טְרַאכְט אִיךְ–רבש"ע אַוואַדִי אִיז רֶעכְט
דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, אִי דַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט.–

אצונד—זאגט דער מלאך—וועללען מיר אין גן־עדן געהען
דארט וועסטו שוין פרייליכערע זאכען זעהען.
אונ וויא ער האט מיך פאר דער האנד געטוהן א שלעפ
חאפ איך זיך אויף—טפא צו מיינע שונאים'ס קאפ:
שטעהט דיא מאמע פאר מיר—אונ נעמט מיך צום שטראפען
פאר וואס איך בין זיך אזויא שפעט פערשלאפען
ווען אללע ווייבלעך זענין שוין אין שול פון לאנג. —
שטעלל דיר פאר וויא מיר האט דאס געטוהן באנג
ספייטש ווען דיא מאמע זאלל נישט געווען קומען צו געהען
וואלט איך זיך שוין לאנג אין גן־עדן געווען
נאר דערוויל זעהען מיר ארוים: אז דיא רשעים
ווערין טאקי אמת באצאהלט פאר זייערע חטאים
אונ דיא פרומע קומען טאקי איבער בשלום
יאה—טאקי נאר איין אמת בעוויזט דער חלום!...

# פותר חלום

## ב.

איך האב זיך דענסטמאלט אביסעל פערטראכט
אונ האב צו דער באבען אזויא געמאכט:
„וואַרט נאר אוים באבע לאמיר נאר גוט באקלערען
אונ וויא אזויא ס'וועט גלייכער זיין וועללען מיר הערען
ווייסען ווייסטו אז אין היינטיגער צייט
זענין אויך דא א סך קלוגע לייט
א סימן האסטו אט האבען זייא דערקלערט
אז א וואגען פאהרט מיט פארע אן פערד;
אונ דעם טעלעגראף! — — אז דורך א דראט
רעט פון דערווייטענס א שטאט מיט א שטאט;
א טהייל ווייסען אונ קוקען אויף דיא שטערען
אזוינע מענשען מעגען מיר גלייבען אונ הערען
אזוינע חכמים אונ אויך דיא פון דער גמרא



האבען געזאגט אז ס'איז א סברא
אז א חלום איז—דאס וואס מ'האט בייא טאג געטראכט
שטעללט זיך דאס אייגענע פאר בייא נאכט
פערשטעהט זיך—ניט אזויא פונקטליך, אביסעלע ווילדער
נאר מיט דיא אייגענע פארבען, מיט דיא אייגענע בילדער. —
אט וועלל איך דיר ווייזען וועסטו זעהען אלליין
דו זאגסט אז דאס איז ערב פסח געווען
זעהער גוט—נא געדענקסטו דעם טייך
וואס ארום איהם זענין געשטאנען דייטשלעך א סך
קורצע, לאנגע גראבע, אין שווארצען וויא דיא טעפ
אונ דער מלאך האט זייא געשניטען דיא פיס אונ דיא קעפ
אונ האט פון זייא אפגעריסען דיא קליידער מיט דער הויט
אונ האט זייא געווארפין אין טייך—ער איז געווארען בלוט רויט...
זעהר שיין באבאניא ווארט נאר אקארשט:
דער מלאך מיט דער שווערד דאס ביסטו אלליין
בשעת דו האסט געשטעלט דעם פסחדיגען בארשט
אונ פון דיא בערעקים—דאס זענין דיא דייטשלעך געווען—
האסטו דיא קעפליך אונ דיא פיסלעך אפגעשניטען
אונ אז דו האסט פון זייא אפגעשאבען דיא הויט
פלעגסטו זייא אין פעסיל וואססער אריין שיטען
אונ דער בארשט איז אוודאי געווארען בלוט רויט...
אונ דאס וואס מ'האט מיט שפיצעס געשטאכען דיא לייבער
דאס האבען פראסט מצות געראדעלט ווייבער...
נא אונ דיא מיילער מיט דיא שטיינער קענסטו שוין אליין פערשטעהן
אז דו האסט געכשרט פעסליך מיט'ן כשר שטיין...
נאר זעהסטו באבאניא, אט פון דעם... פון יענעם!...
פון דיא נשמה'עלעך וואס האבען זיך געפרעגעלט אין גהינום
זאלסט מיר אצונד חאטש איינס דאסטאווען פון יעדען
וואלט איך דיר שוין יאה געווינשט דעם ליבטיגען גן־עדן!...

# אַיין הֶסְפֵּד פוּן אַיין מַאנְן נָאךְ זַיין גֶעטְרַייא וַוייבּ.

1.

אוֹי! —

גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז זִיא נִיט לַאנְג

אַזַא טְהַייעֶרעֶר כָּשֶׁרֶער קָרְבָּן;

קֵיינֶער וַוייסְט נִיט וְוִיא מִיר טְהוּט בַּאנְג. . .

אוֹי! —

פַאר וואָס זִיא אִיז פְרִיעֶר נִישְׁט גֶעשְׁטָארְבֶּען.

2.

וואָס קֶענְן פוּן מִיר הַיינְט וֶוערֶען?

וואָס טוֹיג מִיר גָאר מַיין לֶעבֶּען?

קֵיינֶער זֶעהְט נִיט מַיינֶע טְרֶערֶען?. . .

אוֹי! —

אִיךְ זֶעה זַייא אוֹיךְ נִיט חָלֶעבֶּען.

2.

פַאר דִיר גאָטט וואָס דוּא הֶעלְפְסְט יֶעדֶען

זאָלל מַיין בַּקָשָׁה וֶוערֶען אָנְגֶענוּמְמֶען:

שֶׁענְק אִיהר דֶעם לִיבְּטִיגֶען גַן—עֵדֶן. . .

אוֹי! —

אַבִּי אַהֶער זאָלל זִיא נִישְׁט קוּמְמֶען.



4.

אִיהר צְדָקָה וָוער האָט דָען גֶעקֶענְט?

זִיא האָט אַפִּילוּ אוֹיף זִיךְ נִיט אָפְּגֶעשְׁפָּארְט;

טַאקִי מִיט אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע כָּשְׁרֶע הֶענְד. . .

אוֹי! —

פְלֶעגְט זִיא מִיר אוֹיסְקְרַייסֶען דִיא בָּארְד. —

5.

זִיא פְלֶעגְט נִישְׁט קוּקֶען אוֹיף קֵיין יוּנְגֶע לַייט

נִישְׁט גֶערֶעט מִיט זַייא קֵיין נְבָלוֹת;

נָאר מִיךְ אַלַיין האָט זִיא בֶּאֱמֶת לִיב גֶעהַאט. . .

אוֹי! —

צוּ שֶׁעלְטֶען מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת.

6.

נָאר אִיךְ בִּין דָאךְ פָארְט אִיהר מַאן גֶעוֶועןן

וואָס וִוילל אִיךְ אַצוּנְד פוּן אִיהר נָאךְ הָאבֶּען

צוּ דֶער לְוָיָה מוּז אִיךְ גֶעהֶען. . .

אוֹי! —

מְ'זָאלל זִיא גוּט גוּט בַּאגְרָאבֶּען. —

# דיא צווייא שכנות

א ווייבעל איז געקומען צו נאכט צו—נ—איהר שכנה
אונ האבען זיך צוקושט—וויא ס'פיהרט זיך בייא לייטען
אונ זייערע בן־יחידימלעך דיא קליינע
האבען זיך ענטגעגענען זייא געשפּילט פון ווייטען.

## שיינדעלע

סקאטצילקומט ! וואס זשע מאכט איהר גוטס מיין לעבען ?!![1]
איך מוז אייך מאכען א יודעשען קאמפּלימענט ;
עפּיס זענט איהר מיר לאלעבעדיג חלעבען [2]
איך זאל אייך נישט קענגען וואלט איך אייך ניט דערקענט !..

## גנעסי

ניט פאר אייך גיזאגט—דיא קפּאזמע—ס'איז דער ווייבערשער שלייער.
פון וואס דען זאלל מען קלויבען געזונד איך בעט אייך זעהער ?
פון דיא תענוגים פון דיא גרויסע ? פינ'ם מאן ? פון דער וועלט ?
אט דעם בן־יחיד וויא איהר קוקט איהם אן מיט מיינע אויגען
מ'זאלל איהם לייגען אויף איין שאהל, אונ אויף דער אנדערער געלד
וואלט דאס וואס ער קאסט אוואדי איבערגעוואויגען! —

1) דאס נאמט'ס וויללען קוממט

2) לא' עליכב-דינ (ניט אויף אייך געזאגט געווארען)



גליקליך זענין דיא מאנגען דאך מעג איך מאכי זאגען !
"שלויסני אשה" [1] מעגען זייא מאכי בעטען
ער ווייסט ניט פון קיין האבען, ער ווייסט ניט פון קיין טראגען
דוא קריינק ! אונ ער דארף קוממען צום גרייטען ?! —
איך וויים ניט ! — איך האב אין זיך אזא פראקליאטע נאטור
אז איך זעה נאר דעם מאן, אונ פערגעס גאר אין מיר. —
איך בין נישט איינמאל מקנא אז איך זעה אז א ווייב
שטופּט אין דיא פּיסקעס אונ נעהמט אויף זיך לייב,
וואס געהט איהר אן דער מאן צו קריינקט ער צו זאכט ער !...
ס'איז אבער גוט אזויא וויא איך בין א יודעשע טאכטער.
וואס דען ? — אז מ'לעבט זאלל מען לעבען, וואס געהט אן דעם מאן
אז דאס ווייב וועט שטארבען וועט ער זיך גאר מצרים זיין ? [2]
ער וועט זיך גאר צו קראצין, האסטו געהערט ?...
גלייבט מיר אז ער וועט נאך זיצען אויף דער ערד
וועללען שוין קוממען שדכנים אונ איהם פירזאגען א יהי רצון
אונ ער וועט נאך אויסחאפּען א מויד מיט א סך קארבאצ'ן !...
אט איהר טהוט גוט א ברכה אויף אייער קאפּ
איהר קוקט אביין, קיין עין־הרע, גאנץ גוט אין טאפּ
דערפאר קוקט דער טאפּ גאנץ גוט אויף אייער לייב
חלעבען—דער מאן אליין האט אויך ליעב נאר א געזונד ווייב ! —

## שיינדעלע

זינדיגט ניט גנעסיאניא ! — איהר האט זיך ניט צו בעקלאגען !
איהר האט א מאן, ניט פערזינדיגען זאללט איהר איהם, א ברילליאנט
איהר געדיינקט אז איהר האט געהאט דאס ביטטערע טראגען
ניט היינטגעדאכט, ניט דא געדאכט, איך געדענק'ס וויא היינט,
וויא דער האט געהאט מיינע שונאים דאס קדחות רביעית,
ער האט זיך אייך געדינט וויא איין איינעער פאטער,
וויפיעל איהם האבען געקאסט דיא באבסקי רפואות,

1) שלא עשני

2) מצער זיין

אַ גוּטֶער יוּד, אַ בַּעַל־שֵׁם, לְהַבְדִיל, אַ טָאקְטֶער ;
אַ שְׁטַייג מִיט הִינֶער הָאט עֶר אַייך אַיינְגֶעזָעצְט אַלַיין
נָאךְ דֶער בָּאבֶּע אִיז עֶר אַלַיין דְרַייא מָאהל גֶעפָאהרֶען,
בִּיז אִיהר הָאט דֶערְלֶעבְּט דֶעם אַיינ־אוּנ־אַיינְצִיגֶען בֵּן יָחִיד צוּ זֶעהֶען •
עֶר זָאלל אַייךְ נָאר וַואקְסֶען מִיט־לַאנְגֶע יָאהרֶען ! —

## גְנֶעסִי

אַוַודַאי יָאה ! אַייֶער מַאן אִיז אַייךְ בֶּעסְסֶער גֶעטְרַייא,
אָט הָאט עֶר אַייךְ גֶעקוֹיפְט אַ גָאלְדֶענֶע צֶעפּ ;
אוּנ הָאט אַייךְ גֶעבְּרַאכְט פִּינ׳ם יַארִיד אַלְמַיא
אַ זַיידֶענֶעם מַאנְטִיל מִיט מָאדְנֶע קְנָאפּ ;
אוּנ דָאס וואָלַיינְס אוֹיף אַ קְלַייד, אִיז דָאךְ שׁוֹין אַוַודַאי,
הִיע קֶען מֶען דֶען אַזַא שַׁיין צַיינ קְרִינְגֶען ? —
וְוִיא וֶועט אִיהר דָאס גֵייעֶן, נָאךְ הַיינְטִינֶער מָאדֶע ?
אוֹי אִיז דָאס מְחוּיָב אוֹיף אַייךְ שַׁיין צוּ לִיגֶען ! —
אוֹיף אַ פּוּלְלֶען סֶענְשֶׁען לִיגְט אַ קְלַייד אוֹיסְגֶענוּמְסֶען,
סְ׳לִיגְט וִויא אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף אַייֶער פֶעטֶער הוֹיט
אִיךְ בַּייט אַייךְ ! — וִויא הָאט זִיךְ אַזא גֶעזוּנְד צוּ־נ־אַייךְ גֶענוּמֶען
צוּ פוּן סְ א רַ א ל וַואסְסֶערִין, צוּ פוּן אַ פְּרָאסְטֶער שְׁטִיק בְּרוֹיט ! . .

## שֵׁיינְדֶעלֶע

בַּייא מִיר בְּלַייבְּ׳ם ! — פֶעלְט אַייךְ—זָאגְט חָאטְשִׁי קֵיין עַין הָרָע ? . . .
פְרֶעגְט נִיט, נִישְׁט קָשֶׁה, סְ׳הָאט מִיךְ גֶעקָאסְט גֶענוּג
אַייְדֶער אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעבָּארֶען אִין דֶער רֶעטְבֶּענֶער קָאהָרֶע
בִּין אִיךְ זִיךְ גֶעוֶוען, לְהַבְדִיל, וִויא אַ שְׁטרוֹי וִויא אַ פְּלִיג. —
אוּנ פוּן דִיא וַואסְסֶערֶען לַאכְט נִיט, זֵייא זֶענִין זֶעהֶער וואוויל
אוֹי־ווֶען נִיט זֵייא אוּנ דֶער וואָס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט צוּ דֶערְמָאנֶען. ! .
טַא—אִיךְ ווִילְל׳ס נָאר נִיט בְּרֵיינְגֶען פַאר דֶעם מוֹיל ! —
וואָלְט אִיךְ מִיךְ שׁוֹין גֶעוֶוען לַאנְג אָפְּגֶערוּקְט פוּן דַאנֶנֶען. . .
אִיהר מֵיינְט אַז דִיא קְלֵיידֶער זֶענִין אִין זִינֶען מִיר



דָאס צַיינ לִיגְט נָאךְ בִּיז אַדִיוֹן בַּייא מִיר אִין קָאמָאהָדֶע 1)
נְשָׁמָה ׳ פוּן אַ רֶעכְטֶען שְׁנַיידֶער טָאמִיר וַוייסְט אִיהר
עֶר זָאלל מִיר׳ם אוֹיפְנֵייֶען טַאקִי נָאךְ הַיינְטִיגֶער מָאדֶע ! ...

## גְנֶעסִי

אָךְ אִיז מִיר גֶעשֶׁעהֶן—צְוַואנְצִיג פַאר אַיינֶעם
נָאר דֶער בֶּעסְטֶער שְׁנַיידֶער פוּן אַלֶלֶע אִיז חִינְיֶעם
עֶר הָאט אִיהר אוֹיפְגֶענַייט אַ מַאנְטִיל אַ שַׁיינֶעם
מֵייגֶען אִיהם טְרָאגִין טַאקִי אַלֶע גְרַאפִינְיֶעם.—
חָאטְשׁ אִיךְ פֶערְגִין אִיהר נִיט אָט דֶער פָּאדְלֶער שִׁפְלָה
דֶער פַאר וואָס זִיא הָאט בֶּעלַיידִינְט מַיין הוֹיז
אָט דִיא קַבְּצַנְטֶע, אָט דִיא נְבֵלָה !
מַיינְסְט פוּן וואָס אִיז זִיא דָאס גֶעוָוארֶען אַזוֹי גְרוֹיס ?
אִיהר מַאן הָאט—נָאר לָאז זִיא גֶעהֶן צוּ־נ־אַללֶדֶע רוּחות.
אִיךְ בִּין זִיךְ נִישְׁט זִיא—אִיךְ הָאבּ פַיינְד אָבְּצֶערַיידֶען פוּן יֶענֶעם.
סְ׳אִיז מִיר אַ חִדוּשׁ–אִיהר הָאט נָאר נִיט גֶעהֶערְט פוּן אִיהר יִחוּס ?
שְׁטַייטְס דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט זִיךְ גֶעקָאכְט וִויא אַ גֵיהִנָם :
אִיהר מַאן הָאט גֶעלְד גֶעלִיגֶען אַ פְּרִיץ אַ רַייכֶען
אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז נָאךְ זַיין טוֹיט
פְלֶעגְט עֶר אִיהם פַאלְשֶׁע וֶועקְסְלֶען נָאכְמַאכֶען
אוּנ הָאט פוּן דִיא יוֹרְשִׁים גֶעשִׁינְדֶען דִיא הוֹיט...
מֵילָא אִיהם אִיז דָאס גֶערָאטֶען גְרָאד
אָבֶּער פְרִיר אִיז עֶר דָאךְ גֶעוֶוען אַ שַׁמָשׁ אִין בָּאד
אוּנ זִיא פְלֶעג מֶען רוּפֶען : „דִיא טִיקֶערֶען חִינְיֶע !“
אִיךְ גֶעדֶענְק וִויא זִיא הָאט מִיר נָאךְ אַלַיין גֶעמַאכְט אַ וַואנֶנֶע
הַיינְט גֶעהט זִיא אַרוֹים וִויא דִיא גְרֶעסְטֶע גְרַאפִינְיֶע
אוּנ הַייסְט זִיךְ שׁוֹין גָאר רוּפֶען : „בַּ א רִ י נֶ ע א נ נ אַ ! ...

1) עד היום (ביז יעצט)

## שֵׁיינְדֶעלֶע

וואָס דֶערְצֶעהלְט אִיהר מִיר פוּן אִיהר—אִיהר האָט גאָר פֶערְגֶעסֶען
דִיא מַעֲשֶׂה פוּן דֶער פֶערְדְרוּסֶעטֶער בְּרַיינֶע ?
אַז אִיךְ בִּין מִיט אִיהר אִין שְׁכֵנוּת גֶעזֶעסֶען
הָאבּ אִי־ס גֶעהַאט פוּן אִיהר, טוּטְטֶער מַיינֶע !
אָט זֶענִין מִיר זִיךְ אוֹיךְ שְׁכֵנוּת חָלֶעבֶען
הָאבִּין מִיר זִיךְ דֶען נִיט לִיֶעבּ וִויא דאָס לֶעבֶען.—
אַיינְמאָל האָט מַיין דִינְסְט בַּייא אִיהר אַ טאָפּ
אִיבֶּערְגֶעקעהְרְט אִין קֶעךְ אוּמְגֶעהַרן
האָט זִיא אִיהר דִינְסְט גֶעחַאפְּט פַארִין צאָפּ
דִיא גַאנְצֶע קֶעךְ מִיט אִיהר אוֹיסְצוּקֶערֶען ;
אִיךְ קֶענֶן זִיךְ אָבֶער קֵיין מַחֲלוֹקֶה לַיידֶען
הָאָבּ אִיךְ אִיהר דִינְסְט מְכַבֵּד גֶעוֶועַן
אִיז אַרוֹיס בְּרַיינֶעס בַּלְבּוּינִיק ! (עֶר וֶועט זִיךְ נאָךְ . . . . !
אוּנ האָט דאָס מִיר גֶעגֶעבֶען אִיהר זאָלְלט גֶעוֶוען זֶעהֶען ?—
הָאָבּ אִיךְ זִיךְ צוּוַויינְט פַאר מַיינֶעם: „גֵייה הֶער גֵייה !“
אִיז עֶר צוּ צוּהֶנ־אִיהם אוּנ האָט אִיהם גֶעמַאכְט פאַר אַ גוֹלֶם.
אַ גֶעוַואלְד, אַ גֶעפִּילְדֶער, אַ טַארַאראַם, אַ גֶעשְׁרַייא,
בִּיז ס'אִיז זִיךְ צוּ־נְ־אוֹיף גֶעלאָפֶען אַ גַאנְצֶער עוֹלָם ;
אוּנ צוּ וואָס אִיז דאָס אַלְדִינְג גֶעקוּמֶען ?
וַוייל דֶער בָּחוּר האָט זִיךְ פאַר דֶער מוֹיד אָנְגֶענוּמֶען...
אוֹי—אַלְלמֶעכְטִינֶער גאָטט, רַחֲמָנוּתְדִיגֶער גאָטט
וָואס פאַר דִיר זֶענִין אַנְפְּלֶעקְט מַיינֶע נִיעָרֶען !
אִיךְ הַאלְט זִיךְ יאָה וואָס בַּייא דִיר שְׁטֵייהְט אִין גֶעבָּאט
זָאלְלְסְט דַיין דִינְסְט שֵׁיינְדֶעלֶען טאַקִי אוֹיסְפִיהְרֶען
פוּן אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער וִויא בְּרַיינֶע דִיא שְׁכֵנָה
נְ־טאַטְאַנְיָא ! אַזוֹינֶע זָאלְלֶען גאָר נִיט גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען
מִיךְ זאָלְלְסְטוּ טאַקִי לַייטְזַיילֶעגֶען מִיט'ן זְכוּת פוּן מַיינֶע אֲבוֹתֵינוּ
אוּנ זָאלְלְסְט מִיר טאַקִי בֶּעסֶערֶע קִינְדֶער בַּאשֶׁערֶען ;
נאָר דִיךְ אַלֵיין זָאלְלֶען זֵייא דִיעֶנֶען מִיט יָאהרֶען,



זַייעָרֶע אוֹיגֶען זָאלְלֶען לַייכְטֶען אִין דֶער לִייבְּטִינֶער תּוֹרָה
אַ יאָה גֶנֶעסְיָאנָא ס'אִיז נִיט קֵיין חֶסְרוֹן
צוּ יוּנְג אוֹיסְצוּבְּרֵיינְגֶען אוּנְזֶער סְחוֹרָה ?
מַיין זֵיידְאנְיָא זאָלל לֶעבֶּען וַויים אִיךְ ?
אַכְט יאָהר גֶעוואָרֶען הוּנְטֶער הַיינְטִיגֶען עֶרֶב פֶּסַח,
הָאבּ אִיךְ שׁוֹין דַאנְקֶען גאָטט אַ שִׁידוּךְ גֶעטוּהְן
טאַקִי פוּן אַ שֵׁיינֶער מִשְׁפָּחָה וִויא מִיר שְׁטֶעהְט אָן
וואָרִין־זַיין עֶלְטֶערזַיידֶע, אִיהם צוּ לַאנְגֶע יאָהר,
אַזַא כְּשֵׁרָה צְנוּעָה ! הַיינְט זֶעהְט מֶען דֶען גאָר
אַזַא צַיין אַלְטֶען זָקֵן קָרוֹב בַּייא צַדִיק,
עָלָה הַשָּׁלוֹם—הַלְוַואי וָואלְט עֶר מִיר גֶעוֶוען אַזַא צַדִיק,
מִיר זָאלְלֶען חָאטְשׁ הַאלְבּ זַיינֶע יָאהרֶען אוֹיסְלֶעבֶען,
אוֹי ! נאָךְ אִיהם הָאבּ אִיךְ דאָךְ אִיהם טאַקִי אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶען.—

## גְנֶעסִי

אַוַודַאי קֶען מֶען נִיט זָאגִין אִיהר האָט אַ מִשְׁפָּחָה אַ שֵׁיינֶע
נאָר וואָס זָאגְט אִיהר אוֹיף מַיין אַלְטֶערְאנְיָאס כַּלָה ?
זִיא אִיז דאָךְ אַנְגֶעטִינְקְט אִין יוּחָס פוּן אָבוֹת אֲבוֹתֵינוּ
מְקַבְּלִים אוּנ לַמְדָנִים זֶענִין זֵייא זִיךְ אַלְלֶע
דֶער אַלְטֶער—זַיין זְכוּת זָאלל מִיר בַּיישְׁטֶעהֶען אַצִינְד—
אִיז דאָךְ מַיין כַּלָה'ס אַ גְלִיד גְלִיד שְׁוֶועסְטֶער קִינְד,
פוּן אִיהם אַלֵיין הָאבֶען מִיר זִיךְ דִיא צְוָואָה ...
אַז יוּנְג קִינְדֶער חֲתוּנָה צוּ מַאכִין אִיז אַ בְּרָכָה ;
אִיבֶער אַ יאָהר מַאךְ אִיךְ חֲתוּנָה אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה
מַיין אַלְטֶערְאנְיָאן—אִיךְ זאָלל אַזוֹי הָאבֶען הַצְלָחָה—
אִיהר שֵׁיינְדֶעלֶע וֶועט, אַ יאָה ! אוֹיךְ אַזוֹי מַאכֶען
וואָס הֶערֶען מִיר וואָס פוּן אוּנְז וֶועלְלֶען לַאבֶען
דִיא דַייטְשָׁאנִים—וואָס בַּייא זֵייא אִיז אַלְץ גוֹיִשְׁקֵייט
—גאָטט זאָלל מִיךְ טאַקִי נִיט שְׁטְרָאפִין פַאר דִיא רֵייד—
לאָז בַּייא זֵייא דִיא מוֹיד פֶערְזִיצֶען בִּיז אִין גְרָאוֶוען צאָפּ.

לאָז בייא זייער בחור אויסקריכען די האָר פונ'ם קאָפּ
בייא זיא, בייא זיא, לאָז זיך, ניט פאַר מיין מויל, האַלטען די קליפּה
אונ פאַר אונז האָט זיא גאַר ניט וועה צו טהון דער בויך...

## שיינדעלע

אונ איך וועל טאַנצען אי"ה בייא אייער זוהן אויף דער חופּה !—

## גנעסי

אונ איך וועלל אייערען צוטראָגען די גילדענע יויך !—

## שיינדעלע

אונ איך וועל טאַנצען אַ קאַהאַזאַטשאָק מיט דעם מחותּן—

## גנעסי

אונ איך וועלל טאַנצען מיט די מאַנסבּלען אין מיטען !—

## שיינדעלע

אַ פּאָר לייבּטער דרשה־געשאַנק אייער אַלטעראַניאַן !—

## גנעסי

אונ איך אַ פּאָר האַלבּע פּריאַלען אייער זיידאַניאַן !—

## שיינדעלע

אונ איך וועלל אייער פּאָר פּאַלק אונטערבּעטין דאָס קישען !...

## גנעסי

אוי דאָס איז אַ גוטער פריינד, לאָמיר זשע זיך צו קושען.—

* *
*

בשעת די מאַמעס האָבען דאָ די קינדער התונה געמאַכט



אונ האָבען זיך צווישען זיך אַזוי ליעבּליך געקאַצקעט ;
האָט זיך דאָרט צווישען די קינדער אַ קריג געמאַכט
אונ האָבען זיך, איך ווייס ניט, פאַר וועמס צוּבּאַצקעט.—
שיינדעלעס זוהן האָט גנעסים בן יחיד צודראַפּעט,
דאָס קינד איז צו צו דער מוטטער פערכאַפּעט:

## גנעסי

אַ דינגער האָט מיך דערשלאָגען ! אַ מכּה דער מוטטער !
וועהר האָט דאָס דיך צובּלוטיגט ? וועה איז מיר אונ ביטטער !!

## שיינדעלע

מיין זיידעלע ?— ווייס איך וואָס ער וועט אייך דערצעהלען ;
גישט קשה ? ס'וועט זיך בּיז דער חתונה פערהיילען.—

## גנעסי

גישטקשה!! פערשטעהט זיך ווייל איר האָט קיין בּלוט פערגאָסין!
גיט איינמאָל האָט מיך טאַקי אויף אייער שקץ פערדראָסין,
אַ קינד זאָלל זיך נאָר ליעב האָבען דראַפּען ווייז האָט ווייזש
ניט אַ קוק, וועה איז מיר, דאָס קינד צאַפּילט אַזש...
ממ... אייערער וואַקסט טאַקי עפּיס נאָר אַ כּל־בּוניק !...

## שיינדעלע

דאָס וועט נאָך מאָהלט אייך קיינער ניט דערלעבען !
וואָרין אייערער האָט יאָה מיינעם וויא אַ ראָזבּוינִיק
אונטער דעם זייטעל אַ זעטץ געגעבען

## גנעסי

סיין אַלטעראַניא ?— פּונקט אַקאַראַט,
וויא קען ער וויא אַ פליג געגין אייערין בעשטעהן
אַז אייערער איז געזונד אַזוי וויא אַ סאָלדאַט !!..

### שײנדעלע

שלײַם נאָר ניט, שרײַען שרײַט מען אויף די צײַהען !
קוק נאָר אָן ווי זי האט צולאָזט דעם פּיסק דעם בּרײטין
כּײנער איז ציטערדיג פון זעקס אויסגעבעטען !...

### גנעסי

נאָ און מײַנער איז עפּיס אַ כּלבוניק בײַ מיר ?
איך האָב איהם אויף דער גאס געפונען ?— פּסיאַאָחע
מאַמיר ווילסטו רעבּען איך באַלד אוים מאַקי דיר !
אָבער איך האָב ניט-קײן פּלעק אין מײַן משפּחה ?...

### שײנדעלע

וואס איז מײַן משפּחה ?— אדרבּא זאָג זאָג נאָר זאָג !
אָבער מיך האט מען ניט גיזעהען אין מיטען העללען טאָג ?..
אָבר מײַן שוועסטער האט מען ניט טוידוויי-קײן ווינגיל אַרײַן גישיקט ?..
אָבער מײַן מאַמען האט מען ניט אין יאַמקע נאָכגעקוקט ?...
אָבער איך האָב ניט קײן שכור-קײן טאַטען ?...
אָבער איך האָב ניט-קײן ברידער-קײן . . . . ?...
אָבער מײַן פעטער האט ניט-קײן טריפות געגעסען ?...
אָבער מײַן זײדע איז נישט אין אַסטראָג געזעסען ?...
אָבער מײַן מאַן איז נישט געליגען אין הקדש פויל ?...
אָבער... אָבער גנעסי ?! רײַם מיר ניט אויף דאָם מויל

### גנעסי

וואס זאָגט איר אויף דער רבּצין, אויף דער צנועה דער פרומער,
האַ? נישטאָ שוין דער פּריץ, אָט דער גראַף דער קרומער ?...
וואס האט דיר גימאַכט דעם מאַנטיל מיט די מאָרנע קנאָפּ,
נאָ און ווער האט דיר געקויפט די גילדענע צאָפּ ?...
מען ווייסט, מען ווייסט ווער דאָס פּלעג דיר אַלץ קויפען !—
האַ ? וואס האסטו צעלאָזט דײַן פּיסק אויף שרויפען.—



נאָר מיט וועמען וועלל איך מיך דאָ אויסרעכנען יחוס
קום אַלטערעל-לאָז זי געהען צו-דנ-אַללדע רוחות,
דער קריכט אָבער אַהער-אָט דער נארישער טיפּוש
קום, לאָמיר ווײַכען איהר שטוב ווי אַ עפּוש.—

### שײנדעלע

אַרוים פון מײַן שטוב די פּאַרלע שקאַרע !—

### גנעסי

טפּאַ !!— ווער פערברענט מיט איהר—זײַ די כּפּרה
פאַר מיר, פאַר אַ גוי, פאַר כּל ישראל סמאַרקאַטע !—

### שײנדעלע

טפּאַ !— אַליין אַליין, אַליין, גם אַתּה, גם אַתּה ! !..

---

## די חיה רעה.

1.

פון דעם גרויסין קרײַצבּערג ווער האט ניט געהערט ?—
צו זײַן גבורה ווער האט זיך געקענט נאָר גלײַכען ;
ער איז שטענדיג מיט חיות אַרום געפאָהרען
און האט בעוויזען מיט זײ אמת וואונדערע זאַכען.

2.

אַקליינגקייט ?— ער איז דאָך נאָר אַ מענש
פערגעסט ניט ווי מ'שטעללט זיך אײַן ;
אַבײַן צו געהען אָן פּחד, אָן שרעק
צו די חיות גלײַך אין שטײַג אַרײַן.

3.

ער האט נאר זיין בייטשיל א ווייז געטהון
האט זיך אנגעבוינגען דער לייב אין דרייאען ;
פאר זיין קוק—האט דער בייזער טיגער
פערקלעמט זיין פיסק, ער זאלל ניט שרייען. —

4.

אט צו דעם מכשפהניק בין איך איינמאל
מיט מיין בקשה צוגעטרעטען :
"גרויסער הערשער איבער ווילדע חיות
"איך וואלט געוואלט ביי אייך א טובה בעטען!

5.

"איך האב אויך מיין איינענעם א חיה, א ווייב,
"וואס איך האלט קוים אוים פון איהר פערפירען.
"שאמיר וואלט איהר זיא געקענט, מיין ליבער הער,
"מיט אייער בייטשיל אביסעל סמירען "! —

6.

אדא איז עפים דער גבר אפהאנגיג געבליעבען
אונ האט א קרעכץ געטהון יאה: איך מעג זיך שעמען
"אלמייא, זאלל איך זאגען—סמירען אזא מין חיה
"קען איך זיך אפשע ניט אונטערנעמען "! . .



# דאס פערזארגטע בעל-הביתטעלע

נישטא דער כח וואס מוידווייז

(א וועלטלעך ווערטיל)

1.

יעדער האט געהערט מן הסתם
אונ אפשר געזעהן דאס לצנות :
וויא צווייא האנען צופען זיך פאר דעם קאם
אונ רייסען זיך אויף סכנות !

אזויא זינט ס'האט מיר חתונה געמאכט
צופ איך זיך מיט מיין מאן,
מיר רייסען זיך, אונ בייסען זיך טאג אז וויא נאכט
אונ ס'קען קיינמאל קיין שלום ניט זיין. —

2.

איידער איך האב דערטאפט מיין וויסטע דאליע
איז מיר גוט געוועזן וויא אגראפיניע,
געוואקסען האב איך אזויא וויא א טאפאליע
שיין וויא א קייזערינע,

זינט, ס'האט מיך פערשלייערט פאר דעם שלימזל
איז תל געווארען פון מיר :
געאלטערט, געקנייטשט וויסט איז מיין מזל !
אוי מיידלעך, גליקליך זענט איהר !!! —

איך געדיינק אז מ'האט אונז אין חדר געטריבען
האב איך קיין צרות געפיהלט,
ביינדעלעך האבען מיר זיך צו־נ־אויפגעקליבען
און מיר האבען זיך אין צייבענס געשפילט ;

היינט מוז איך זיך מיט אנדערע צייבענס בעניי(ע)ן
אויף מיין לייב שלאגט ער זיא מיר אוים
ער צוברעכט מיר דיא ביינער—געוואלד וועל איך שרייען !—
און איהם—זאגט ער—קומט נאך ארוים ...

4.

אז איך האב אין ניסלעך געשפילט מיט איהם טאקי אליין
צו אום צו גראד—איז געווען איין אנטיק :
אז איך האב אפילו פערשפילט—האב איך געמאכט א געוויין
האט ער מיר געמוזט א־געבען צוריק.

היינט אז איך זאג „גראד" זאגט ער גאר „אום"
זאג איך „אום" זאגט ער „גראד אזוי"
איך פערשפיעל איהם מיין לעבען—און וויין : קער מיר אום
ניין—זאגט ער—מ'גיט שוין ניט בלא !—

5.

אז ער האט מיר א פינגערל געשענקט קליינערהייט
פון לולב געפלאכטען גאנץ שיין,
א שטיקעלע צוקער האב איך איהם אנגעגרייט
דאס איז שטענדיג דער מקח געווען ;

היינט פאר א פינגעריל, האב איך זיך דער נאר
פערקויפט צו־נ־איהם מיט לייב און לעבין.—
נא וואס זשע איז אז ס'איז זילבער ? צו קומט שוין דערפאר
א נשמה אוועק צוגעבען.



6.

אין חתן כלה אז מיר האבען זיך געשפילט
מיר האבען קאטאוויס געטריבען
פאר דער כלה האב איך אליין צעהן מאהל גענירט
און בין אלץ א מיידעל געבליבען.

פליצלינג זאגט מען מיר : ווייסט ? דוא ביסט שוין איין אשה
„איך וויל נאך טאנצען"—שריי איך—איך האב נאך צייט!"
„אום טאנצען—זאגט מען"—ס'איז שוין נאך דער קדושה...
„פערפאללען—מ'האלט שוין ביי הרי את...!

7.

פון שמאטקעלעך פלעג איך מיינע ליאלקעס אויפנייהען
קליידעלעך, נאכ'ן לעצטען פאסאהן,
צו זעהן זייא הונגעריג צו נאקעט געוועהן
האב איך פון זייא ניט געהערט קיין טאהן.—

היינט ביידען שוין דיא קיאלקעלעך—זייא שרייען שוין האמאניא
קליידעלעך אויף אנצוטהון !
קליידעלעך האמאניא שרייט אויך דאס מאמאניא
און דעם טאטאניאן געהט דאס גאר ניט אן.—

8.

וויא מיר איז געוועזען דאס לעבען ליעב
איך פלעג מיר אויפשטעהן גאנץ פריה,
אללע ארבייט האב איך אפגעפאטערט אין שטוב
און האב מיר אויסגעמאלקען דיא קוה

אז איך מעלק היינט מיין מאן—וואס זאלט איהר קלערען ?
„גיב געלד !"—נאר דאס איז דער שמים,
וויא ער קען דאס ניט איינשטעהן—פערחאפט זאלל ער ווערין
און דרינגעט נאך צו מיטען פים.—

9.

יעדער האט געזעהן מן הסתם
אדער געהערט דערציילען דעם ספור:
אז האגען וואס צופען זיך פאר דעם קאם
וואס מ'טהוט מיט זייא ערב יום כפור

אזוי—טראכט איך—איז דאס בעסער פון אלע סברות
איך וועלל זיך אליין רייסען מיט מיין מאן,
ביז איך וועל מיט איהם ניט שלאגען כפרות
וועט קיינמאל קיין שלום ניט זיין.—

# דיא חסידה

1.

ואנ נאר דוא ווייבעל דוא שיינע דוא פיינע
וואס זענען פערוויינט ביידע אויגען דיינע?—
—פאר וואס זאל איך ניט וויינען אין דער ערד ניט אריין
אז איך האב א חסיד א פליאפק פאר א מאן!...

2.

ער האט פערנומען אלדינג וואס איז געווען אין הויז
אונ האט מיך געשטעלט גאר נאקיט אונ בלויז
צום רבין אויף יום טוב איז ער געפאהרען
אונ פערברייננט דארטען טאג מיט יאהרען.

3.

אז ס'מאכט זיך אמאל אז איך האלט'ס איהם פיר
טהוט ער נאך א גרויסען געשרייא אויף מיר:
—דער רבי איז מיין ווייב, דער רבי איז מיין וועלט,
—וואס טוינ מיר פרנסה, וואס טוינ מיר געלד!"



4.

איך געה זיך דא אוים, אונ שטארב דא פאר הונגער,
ער האט מיך גילאזט מיט דיא הוילע צעהן פינגער
מיט פינף קליינע קינדער—אוי גרוים איז מיין שמארץ—
אונ דאס זעקסטע פיהל איך שוין אונטערן הארץ...

5.

איך בין זיך געווארען וויא א שטרוי אויסגעדארט
שוין דעם לעצטען גראשען האט ער בייא מיר אויסגענארט
איהם גיט ער חיי צום לעבין—מיר טהוט ער צום טויט—
אפער גיב איהם נאר נישט—אונ מיר א שטיקיל ברויט!

6.

ער האט שוין פערזעצט דיא מחזורים אונ סדורים
אונ ער הוליעט אונ שכורט מיט אללע שכורים,
אונ וואס חאפט ער דארט?—א לאקש אונ ניט מיין!
אוי האב איהם א שווארץ יאהר! א לאקש איז ער אליין!

7.

אזוי פיעל גרויסע... ואלל זיך איהם זעצען אן א-נעק
וויפיל געזונדע קערבלעך ער פיהרט איהם אוועק
אונ מיר ברייננט ער צוריק א צובראכענע מטבע
"—נא—זאגט ער—פונ'ם רבין אליין א קמיע

8.

"נעהם—זאגט ער—אונ טוה דיר דאס אן אויף דיין האלז
"דאס היילט פון משוגעת, דאס היילט אויס פון אלץ!"—
אדרבא זאגט זשע איהר מענשען קלוגע
ווער פון אונז ביידע איז דא משוגע?—

9.

אנדערע מענשען פאהרען אויף יארידים אונ קאנטראקטען
אונ מאכען מסחרים מיט אללערלייא אקטען
אונ מיט וואס האנדעלט ער?—אנא טהוט איהם א חאפ
הערט אוים מיט וואס ס'האנדעלט דעם רבינ'ס צאפ:

# ערשטער אקט

## ערשטע סצענע

(א שיין אויסמייבלירט צימער אויף איין דיוואן אין איין עק זיצט דאריע נאכלעסיג אנגעשפארט אין דען אנדערען עק דיוואן זיצט סאסיע אין כעס צו-נ-איהם מיט דער פלייצע)

דאריע (לאנגזאם) מיילא וואס זשע ווילסטו פון מיר האבען? האב איך זיך דיר איינמאל געזאגט אז וויא אזוי דוא ווילסט זאלל זיין.—

סאסיע זיין זאללסטו אין דער ערד! אט האסטו דיר (זיא הייבט זיך אויף אונ געהט ארים) טאמיר האסטו'ס נאך פון מיר קיינמאל ניט געהערט, פערשטעהסטו מיך, זאללסט זיך צו מיר ניט וויאזשען!—

דאריע וואס האב אי...

סאסיע (לאזט איהם ניט אויסריידין) האבען זאללסטו א מכה! אונ וויים!

דאריע לאז מיך נאר אויסריידי...

סאסיע לאזען זאללסטו די נשמה היינטיגען טאג מיט דיין חינקען אין איינעם, נאר דאריע! איך זאג דיר אז איך וועלל די ערד קיהלען איבער איהר, איך זאג דיר אז די כלבתע וועט מיך אין דער ערד אריין טרייבען, וואס האט זיא זיך אנידערגעזעצט אויף מיין קאפ? וועלכע שווארצע יאהר? אט די געשלייערטע שיקסע, נ'-נ'-שלייערען זאלל מען זיא שוין מיטען מלאך המות רבש"ע!

דאריע סאסיע?!

סאסיע וואס סאסיע? וואס מינטערסטו מיך? איך הייס סאסיע, נישטא סאסיע געשטארבען סאסיע! לאז זי דיר דאכטען איך בין שוין



נישטא, נא וועמען וועסטו דענסמאלט מיטשען נ-נ-ניט זיין זאללסטו שוין אויף דער וועלט לעבעדיגער פאטער!

דאריע שטייטש לאז מיך או....

סאסיע שטילל מחשמוניק! ער רעט נאך.—

דאריע (שוין אביסיל אין כעס טהוט א שפייא) טפא'...

סאסיע טפא אליין דיא! נ-דוא כפרה מעגסטו טאקי זיין פאר איהר, אונ זיא פאר דיר בחמנותדיגער גאטט! קוק איהם נאר אן אביסעל וויא ער נעהמט זיך'ס אן פאר איהר—אננעמען זאללסטו א מיתה משונה, זאללסט נאר אזוי צושפרונגען ווערין וויא מיר ווערט צושפרונגען די גאלל האבענדיג מיט איהר צו טהון, אט מיט דער בעסטיע, אללע טאג אנרייסען זיך מיט איהר דאס געזונד הייסען איהר דאס טהון, הייסען איהר יענץ טהון שיקין זיא נאך דעם, שיקען זיא נאך יענעם, אונ איהר שטעהט נאר דעם טאטען איהרען אין קבר קיין כבוד ניט אן צו פאלגען, וואס איז? זיא שלאגט אויפ'י פעטערס תקיפות, זיא דיענט ביי איהר איינגענעם פעטער—אנוודאי מעג זיא מיר שוין טאקי קריכען אויפ'ן קאפ, וואס דען? אז ער גיט איהר נאך וואס זיא וויל אונ דאס ווייב? ס'זאלל'ס איהם נאר אנגעהן וואס זיא האט שוין אזש קיין כח ניט ארום צו שלעפען זיך אויף די פוס, אז איהר שטעכט שוין, מיינע שונאים, אין די זייטען ארום לויפענדיג טאה אהין טאה אהער, ער זאלל'ס אמאל פרעגען דאס ווייב וויא א רעכטער מאן סאסאניא מיין לעבען? צו האסטו שוין געגומען עפים אין מויל אריין הארץ מיינס? פאר וואס עסטו ניט? קרוין מיינס, פאר וואס טרינקסטו ניט? מכות וועל איך דיר עסען! קדחות וועל איך דיר טרינקען! נאר איך וועל ביי דיר אזוי אויסגעהען וויא א ליכט, אונ לאז מען וויסען וואס פאר א דאליע איך האב געהאט (זיא צי-ווינט זיך) אוי אז פערוויסט אונ פערפינסטערט זיינען מיינע יאר אונ טאג גע-ווארען אז איך האב בעדארפט אריין פאללען צו-נ-אזא ראזבוינִיק אין די הענד, איך האב פערשפיעלט מיין וועלט (זיא ווישט אוים מיטין טיכעל די אויגין) טא מן הסתם איז מיר אזוי אנגעשריבען געווארין פון אויוועז.

דאריע צו ביסטו משוגע?...

סאסיע זייא משוגע אונ מטורף פאר אללע יודען אונ פאר כל ישראל אפילו—נאר איין עק! איך וועל דיר ווייזען ווער עלטער א-ז, מאר-

גערינגען טאג זאלל זיא זיך נישט געפונען ביא מיר אין שטוב, הערסטו דאדיע?! איהר טריפהנע פארע זאלל זיך מיר ניט געפונען דא, איך וועל איהר דערנעהן דעם עק! איבער אזא דינסט, איבער אזא סראנקע זאלל איך האבען א פערוואטערט לעבען א פערשטערט'ס? פאר וואס? פאר ווען? זיא האט מיר א סך אריין געלענט אין נדן? פאר מיין זאלץ אונ ברויט זאלל מען מיר אפגעבען מיט שטיינער? אה אין דער ערד מיט'ן קאפ צו־נ־אלדע רוחות! איהר פוס זאלל זיך ביא מיר נישט געפינען!!—

**דאדיע** (קאלטבליטיג) נישט קשה ס'וועט דיר אפגעהען דער כעס וועסטו ווערין אביסעל בעססער!

**סאסיע** (מאכט צו־נ־איהר מיט'ן פינגער אויף דער נאז) דאדיע? ס'וועט זיין צוויי־שען אונז פאסקידנע (העכער) דאדיע! האלט דיר'ס ניט פאר גרינג (נאך העכער) דאדיע! דיא וועלט וועט האבען צו טהון, איך וועל דיר טהון אזוינס, וואס מ'טהוט קיין יוד ניט איך וועל דיר—איך וועל דיך—איך וועל שרייען אין אללע גאסען: יודען ברחמנים געוואלד! געוואלד ראטעוועט א נפש! גזלנים רוצחים האבען זיך גענומען אויף מיר אונ ווילען מיך קוילען (זיא וויל מיט'ן געוואלד ארויסלויפען קומט איהר ענטגעגען איספאנסקי).

## צווייטע סצענע

**איספאנסקי** גאטט איז מיט אייך וואס איז דא?

**סאסיע** (מיט דעם איינגענעם נוסח) געוואלד! געוואלד! ר' שלמהניא, איהר זאגט זיך יאה אונזער בעסטער גוטער פריינד, געוואלד ראטעוועט מיך זייא ווילען מיך קוילען, ס'האבען זיך גענומען אויף מיר צוויא בלוט־צאפערס, ער מיט זיין ווייסטער פלימעניצע אונ ווילען מיך גאר אין דער ערד אריין טרייבען אוי, אונ אוי, אונ אוי...

**איספאנסקי** פי פאסט דאס צו־נ־אייך חלעבען אזא קלוגע יודענע וויא איהר זענט זאלל זיך לאזען אפעסען דאס הארץ פון אזוינע נארישקייטען, א בושה אונ חרפה! איהר זאללט זיך מאכען פון אזוינע פיטשטע זאכען, פון א פארשיווא מיידעל? אט חאפט זיא דער רוח, זאגט מען, דאס געזונד איז טהייערער פון איהר, אסטאוועט בנאמנות, עסט אייך ניט אפ



דאס הארץ פערגעסט ניט איהר זענט א מאמע פון קינדערלעך ביי הונדערט אין צוואנציג יאהר.—

**סאסיע** (שוין שלאבעריק אונ לאזט זיך אריינגעהען) געהט, זשע געהט טעניט מיט דעם גזלן, גאטט ווייסט דעם אמת איך האב שוין קיין כח ניט, זייא האבען מיך שוין גענוג פערמיטשעט אוי אונ אוי, אונ אוי.... (זיא געהט אוועק).

## דריטע סצענע

**איספאנסקי** (קוקט איהר נאך ביז זיא געהט אין גאנצען אוועק, דערנאך פער־לענט דיא הענד אונ שאקילט צו דאדיען מיטען קאפ) אוי לעמעשקי! לעמעשקי! אז מזאגט לעמעשקי זאלל מען טאקי גלייבען, סטייטש וויא אזוי לאזט מען זיך אזוי טרעטען אויפ'ן קאפ? וויא אזוי לאזט מען זיך אזוי פיהרען ביא דער נאז, אונ פון וועמען? פון א ווייב א שלאק אזא שלעכטס, ס'מאכט זיך אמאל מען מוז צו ליעב טהון א ווייב, אבער וויא אזוי ניט מען נאך אזא עולה, אזא ראזבויסטווע וואס היממעל אונ ערד שרייען אויף דערויף? היתכן איהר אליין שרייבט צו־נ־אייער ארומער שוועסטער זיא זאלל אייך צושיקען איהר קינד, כאשר וואס איז? גאטט האט אייך געהאלפען ס'געהט אייך ניט שלעכט, וועט איהר קענען פון איהר מאכען לייט, איהר וועט איהר דינגען לעהרער'ס וועט זיא לאזען בילדען, געבען איהר נדן אונ חתונה מאכען איהר זעהר שיין פון אייך אברכה אויף אייער קאפ—לאזט זיך אוים א מעשה אז זיא שיקט אייך צו דאס קינד אונ אייער ווייב חאפט זיא אונ שטעלט זיא שוין אנידער ביא דער קעך מאכט זיא פאר א דינסט א פאקעיאווע, טהוט מיט איהר כל עבודת פרך, אונ פאר איהר מיה מאכט זיא איהר אפילו ניט קיין קליידעל, אונ פערפאלגט זיא אזוי פאר וואס? ווייל זיא איז דעם מאנ'ס פלימעניצע—אה ניין—איהר וועט'ס מיר נישט איינריידען, האט מען ליעב דעם מאן האט מען ליעב זיינע קרובים זיין משפחה דאס איז א כלל.

**דאדיע** מיילא וואס זשע זאלל איך מיט איהר טהון?

**איספאנסקי** דאס וואס איהר זאללט מיט איהר טהון, דאס איז שוין אייער זאך, איך וויים מיין ניט אז איהר וועט זיך נאך אצינד לאזען שפייען אין דער קאשי, וועט שוין זיין גאר אבער גאר ניט שיין— פערגעסט ניט אצינד שטעהט פאר חינקען צוא מאכין א גרוים גליק גא אונ

אייערע באשערטע, וויא דער שטייגער איז, וועט זיך פילדערן און שרייען און נישט דערלאזען נא און איהר לעמעשקע וועט זיך, וויא אייער שטייגער איז, שווייגען, זאג איך אייך מילא דאס קינד וועט זיא אומגליקליך מאכען, נאר אייער גליק וויניש איך מיר אויך ניט צו האבען, איך וועל אייך טהון א קליי־ניגקייט, איך וועל שרייבען צו־נ־אייער שוועסטער אז זיא זאלל למען השם וויא צום גיכסטען קומען און אפראטעווען איהר קינד, אויב זיא וועט'ס נאך טרעפען לעבעדיג, וואריין דער פעטער און דיא מומע מיטשען זיא, און טייטין זיא—שטעלט אייך פאר אז אייער שוועסטער וועט דאס געוואהר ווערין? זיא וועט זיך קומען און וועט אייך אויסרייסען דאס פנים און וועט זעהר גערעכט זיין, און וואס פאר א פנים וועט'ס האבען פשוט פאר אייך אליין אז דיא וועלט וועט דערפון געוואהר ווערין?

**דאדיע** (אביסיל דערשראקען) איהר וועט'ס מיר טהון? אזא גוטער פריינד?

**איספאנסקי** גוטער פריינד היינט גוטער פריינד מארגען, ענטגעגען קאווינעסט קען מען ניט געהן, אז איהר וועט דערלאזען אז דיא זאך זאלל גיט אויסגעפיהרט ווערין וועל איך'ס מוזען טהון!

**דאדיע** אדרבא גיט מיר איין עצה וואס זאלל איך טהון?

**איספאנסקי** גיט מיר דיא האנד אז היינט אויף דער נאכט זאללען ווערען דיא תנאים און אז אייער ווייב וועט זיך וועללען צופירען דיא האנד און נישט דערלאזען, וועל איך אייך שוין גיבען א מיטעל צו־נאיהר; ברוינפען טרינקט איהר?

**דאדיע** ניין.—

**איספאנסקי** א טופ א גוטען קענט איהר געבען!

**דאדיע** ס'איז דען פאר מיין כח?

**איספאנסקי** וואס זשע דען עסען קענט איהר? איך ווייס? אז דאס ניט און דאס ניט, נא איך זעה שוין ארויס אז איך טאר אייך ניט אפלאזען פון דיא אויגען, הערט זשע! אויף דער נאכט ביי דיא תנאים זאללט איהר זיצען לעבען מיר—נא נא און איך וועל אייך שוין ניט לאזען ענטשלאפען ווערען—איהר זאללט נאר שטעללען אויף אייערען אז איהר ווילט אויך עפים אויספיהרען.

**דאדיע** יאה וואס זשע וועל איך טהון אז זיא וועט מיך שעלטען?



**איספאנסקי** הערסטו? א גרויסע סכנה, זיא וועט שעלטען? איז א טא־טען פאר א טאטען א מאמען פאר א מאמען, שרייט זיא שרייט מען זיא איבער, משטעלט זיך אנידער אזוי וויא א מענש (ער ווייזט איהם וויא משטעללט זיך) און מען טהוט אזוי א טופ מיט'ן פים און משרייט איך בין בעל הבית אין שטוב,—איך בין א מאן, איך האב א דעה (מהערט רופ'ן דאדיען)

**דאדיע** הא מ'דארף געהן מען רופט מיך שוין.

**איספאנסקי** (האלט איהם צוריק) ניין ברודער איך לאז נישט גיט מיר דיא האנד. אז איהר וועט'ס טהון (דאדיע שטרעקט איהם אוים דיא האנד און נעהמט אוועק).

## פירטע סצענע

**איספאנסקי** (אליין) נאט אייך אזוינע ארטען מאנען אזוי מאכען זיך צום נישט, נאר גוט איז חאטש אז ער לאזט זיך בייגען, קען מען פארט נאך עפים מאכען מיט איהם—אבער זיא—נא זיא וועט ביי מיר אויך טאנצען פערערדעמעשקי,— שרייען קען זיא נאר געפילדערן אין דעם מיינט זיא שטעקט איהר חכמה—אנא מאסיע וועללען מיר זעהן ווער ס'וועט אוים־שפילען—פון דעסטוועגען פערשטעה איך'ס ניט פאר וואס איז ביי דיא ווייבער א כלל אז וויא באלד דעם מאנס א קרוב דארף מען אים שוין פיינד האבען, וואס איז ווייל ער הייסט דעם מאנס, נישט איהר אייגענער—וואס גראב איז מאקי גראב, לאז מען זעהן ביי דיא איידעלע גיבילדעטע דאמען וויא אזוי דעם מאנס א קרוב איז קיין חילוק ביי זייא ניט גלייך וויא איהרער—היינט ווייס איך ניט וויא נעמט זיך קיין רחמנות ניט ביי א מענשען פשוט פער־פאלגען איין עלענד קינד? נאר גאטט האט איהר דא געמאכט א בעססערע שפיל, ער האט אונז דא אין דעם הויז און אין דער געשיכטע ווידערהאלט אין קליינעם פארמאט, וואס ס'איז געוועזען אין מצרים אין גרויסען—שטעללט אייך פאר איין עלענד קינד, אריינגעפאללען צו־נ־אזא פרעה אין דיא האנד אריין נוען וואלט דאס געקענט אויפגערעכט ווערין? א שרוך? עט! פון דעם איז גאר ניט צו הענקען!— ערשטענס ס'זאלל זיך טרעפען אפילו איז דאך איהר שוועסטער בילבער זיא זיצט איהר שוין לאנג אויפ'ן קאפ אוודאי

יאר אונ צווייטינס ס'זאלל זיך שוין טרעפין אפילו ; וועט דען אויסגעהאלטען ווערען ? אז זיא וויל איהר קיין נדן ניט געבען אונ קיין קליידעל מאכען, אונ אפשר וואלט זיך אפגעזוכט אזא יונגערמאן וואס ער וואלט זיא גענומען אן נדן און קליידער יאה! איז דיא קשיא וויא קען קומען דיא קאץ איבערן וואססער ? אז זיא לאזט גאר ניט צו קיין יונגעלייט, אונ זיא האלט זיא פערשפארט שטענדיג אין קעך אז קיינער זאלל זיא ניט זעהען, ווארין זיא איז טאקי אמת שיין. נא היינט ווען קען אזא קינד אמאל אויפגערעכט ווערען ? וואס טהוט גאטט—ווייזט ער איהר א בעססערע שפיל טאקי פון דיין אייגען הויז דוא פרעה וועט ארויסוואקסען איהר משה וואס ער וועט זיא ארויסנעמען פון דיינע האנד פונ'ם גלות—פערשטעהט איהר טאקי איהר אייגענער ברודער—האט געזעהן וויא דיא שוועסטער האלט נעביך ביי זיך א שעפעלע אונ מיטשעטש'ם אומזיסט, ער האט געזעהען אז דאס קינד וואס שטעהט אין קעך ביים טאפ—איז עפעס ניט קיין געבוירען קעך-קינד, אדער טאפ-קינד, עפיס איז דאס פון איין ערעלער מאטעריע נאר ס'האט זיך פאפארעט צו-גא חזיר אין מויל ווערט'ס נעביך פערשמירט אין אויסגעריסען—„קום זשע אהער! טראכט ער זיך ביי זיך—קום צו מיר דיא אונשולדיג קינד אונ דוא וועסט זיין מיין ניטריא ווייב, ווארין דוא קענסט אמת זיין דאס פיינסטע אונ געטריישטע בעססער פון דיא לופטינע טאנצינדיגע וואס קוקען וויא פייגעלעך פליהען—אי דיא שוועסטער וועט פילדערען ו—עס זיא וועט שרייען שרייען אונ זיך איבערשרייען אונ אויספיהרען וועל איך.—אונ וויא ס'ווייזט זיך פיהרט ער עס שוין אויס, היינט אויף דער נאכט איז שוין מחויב צו זיין דיא תנאים—נאר... (חינקע ווייזט זיך אויף דער טהיר אונ טראגט אין האנד א שטיקעל ווייסע לאנוואנד אויף דעם האלז היינגט א מאטעקיל פארעס זיא נייהעט א העמד אונ קומט אריין פערטראכט אינ'ם נייהען זיא דערזעהט איספאנסקין אונ וויל זיך צוריק חאפען).

## פינפטע סצענע

איספאנסקי שטעה שטעה איך דארף דיך טאקי האבען דערוויל נא דיר
איין מזל טוב אונ באלד וועלין מיר האבען דעם אנדערען.—
איך בין פריר געוועזען ביי איהם האבען מיר געמאכט דאס ווארט א סימן אז האט ער דיר געשיקט א דאס אה דוא זאללסט מקבל קנין זיין (ער נעמט



ארויס א פארטרעט אונ גיט איהר זיא וויל'ס ניט נעמען אונ טהוט א מאך מיט דער האנד).

חינקע—אי לאזט מיך צורוה, איך בעט אייך הערט מיך שוין אויף צו מיטשען—נעהט הערט וואס דא טהוט זיך, זיא איז שוין געוואהר געווארען אז ער וויל אויף דער נאכט מאכען תנאים, מ'לא דער פעטער האט שוין געהאט זיינס—אונ איך? פון מיר איז דאך קיין רעדע איך בין זיך אוודאי דאס כפרה הינדעל, איך האב נאך אצינד פון איהר ערגערע מכות וויא פריר—גלייבט מיר אז מיר איז גאר ניט ניחא אין גאנצען דיא זאך—וויא איך בין מיר שוין געוואהנט געווארען פריר איז מיר געוועזען גאר ניט שלעכט—היינט זאלל גאטט גאר אויסהיטען, זינט זיא איז געוואהר געווארען פונ'ם שדוך טשעפעט זיא זיך צו מיר גאר פאר אומזיסטיגע זאכען אונ פון אין דער פריה ביז אויף דער נאכט מאכט זיך איהר ניט צו דאס מויל, איך קען זיך היינט טאקי פון איהר ניט אויסשטעהן וואס ווילט איהר האבען פון מיין לעבען איהר ווילט זיא זאלל מיך טאקי שוין אין גאנצען דערהרגענען ?

איספאנסקי גנה נאראניא דער דייטש זאגט א ווערטיל : ווען דיא נאטה איז אם העכסטען איז דיא הילפע אם נעכסטען, שוין אזוי פיעל צו ליידען וויא דיא האסט געליטען וועסטו שוין מעהר ניט—מיין נישט אז מ'טרייבט קאטאוועס, ער קען דיר אזוי פיעל ניט ארויסזאגען אונ דוא אליין קענסט גאר אזוי פיעל ניט וויסען וויא איך, ער האט זיך געשוואהרען אז דוא ביסט זיינע וועט ער זיך שוין לעגען אין דער לענג אונ אין דער ברייט, אונ דיא זאך וועט אויסגעפיהרט ווערען—דוא מוזט אוודאי שווייגען אונ אנגענעמען אלדינג באהבה נא (ער גיט איהר דאס פארטרייא אונ זיא נעהמט'ם אנווירקירליך צו) אונ מאך א שווייג איך וועל נאך אריבער געהען צו־נ־איהם איבערבערעדען וועגען א זאך (ער נעהט אוועק זיא זעצט זיך אנידער אויף א שטיל אונ נייהעט).

## זעקסטע סצענע

חינקע (אלליין) פערשטעהט זיך איך מוז שווייגען, איך שווייג שוין גענוג, איך האב זיך שוין לאנג מפקר געווען, וואס ס'וועט זיין מיט מיר וועט זיין—נאר איין זאך טהוט מיר באנק דיא מאמע מיינט אז איך בין דא גליקליך אוי זיא זאל וויסען, זיא זאלל וויסען... טהייערע מאמע! (זיא וויינט).

## זיבעטע סצענע

(סאסיע נעהט ארײן פריהר נאך איהר יורקע פײפער).

**סאסיע** (נעהמט א שטול אונ זעצט זיך אנידער אונ װײזט איהם אן נעבען זיך אויף דער אנדערער) זיצט! מײלא װאס זשע האט ער אײך געענטפערט?

**יודקע** (זעצט זיך אנידער) װאס? ס'איז רעכט! די פאקען װעלען זיך אנגעמען—צו האט איהר עפּיס ניט צו צו בײסען—איך זאג אײך אז דאס הארץ פאלט אקארשט ניט ארױס טענינדיג מיט די חתנים אזױ א שװער ברױט האבען די שדכנים!

**סאסיע** (נעמט ארױס די שליסעל צו חינקען) נא נעם עפּיס ארױס (חינקע נעהט אװעק).

**יודקע** (קוקט איהר נאך) װער איז דאס מײדעל? עפּיס זעהער א שײנס!

**סאסיע** װײס איך: א דינסטמײדעל בײא מיר—װאס טױג מיר, װאס האט ער אײך בעסער געענטפערט? חלעבען ער איז א גאנץ פײנער יונגערמאן ער געפעלט מיר אויך: (חינקע קוממט ארײן אונ שטעללט לעבין איהם אײנגעמאכטס מיט װאססער ער נעהמט עססען). פערגעסט ניט א גאנץ שטילער יונגערמאן ניט פון די לופטיגע יאלדאקים, איך מײן אז מײן גאנצי געגענדילע איז מחויב גליקליך צו זײן פאר איהם יאה! נאר װאס זשע האט ער אײך געענטפערט?

**יודקע** װאס ער האט מיר געענטפערט אז ס'װעט זײן מן הסתם רעכט—פי! װאס האט איז מיר דא געגעבען? דאס איז דען א מאכל טאמיר האט איהר אביסעלע ברױנפען טאקי מיט א שטיקעלע הערינג פערבײסען װארין עס קלעמט מיר דאס הארץ איהר מײנט קארג האב איך ארום געטאנצט אײדער איך האב איהם אפגעזוכט?

**סאסיע** (ניט װײטער די שליסעל-חינקען אונ זיא געהט ברײנגען) יאה נאר װאס זשע האט ער אײך געענטפערט? זאגט זשע מיר איך װילל שױן װיססען אײן עק.—

**יודקע** װאס זאלל ער ענטפערין? מיר האבען געטעניט געטעניט, אהין אונ אהער, ער זאגט מיר דאס, איך זאג איהם יענץ, אזױ לאנג אזױ בײט (ער דערזעהט חינקען ארײנטראגען דעם ברױנפען מיט הערינג) הא הא זעהט איהר א דאס הײסט שױן חאטש עפּיס א שטיקעל מאכל (ער גיסט זיך אן) נא לחיים



לאז גאט געבען ס'זאל זײן מיט גליק מײן שדכנותגעלד ליגט שױן װיא בײא מיר אין קעשעניע (ער טרינקט אונ פערבײסט).

**סאסיע** יאה איהר זאגט נאר אזױ, אבער װאס האט ער אלײן געזאגט אז ער װילל שױן?

**יודקע** ער האט געזאגט אז ער—יאה מחשבותין—איך האב אײך פערגעססען צו פרעגען װיא איז ערגיץ אײער מאנס פלימעניצע?

**סאסיע** װאס טױג זיא אײך?

**יודקע** װאס הײסט דאכט מיר אז איך בין א שדכן האב איך זיא געװאלט אנקוקען, איך קען זיא נאך גאר ניט, נאר, װיא א שדכן טהוט, איך לױב זיא אױס אונטער די אױגען גלײך װיא איך װאלט זיא געזעהן, די דרשה קען איך זיך שױן אױסװענדיג, א שײנס, א פײנס, א פרומ'ס, אײן ארדענטליכ'ס, א קליג'ס, א געבילדעט'ס, קלײדער! בגדי מלכות, פון געלד איז קײן רעדע אונ די סחורה אזא יאהר זאלל איך האבען (דאס זאג איך יענעם אונ בײא מיר אין הארצען זאג איך װיא צוקער איז זים) װיא זשע איז זיא?

**סאסיע** װײס איך—װאס טױג זיא אײך זיא איז שױן לאנג אװעק געפאהרען—אזא בלוטצאפערן אזא ראזבוניק זיא זאט מיך אױפגעגעססען מיט די בײנער— אונ װידער װיא קען אזא קבצנטע א כלה װערין זיא האט דען עפּיס צו גרן צו א קלײדעל אפילו אױף זיך.

**יודקע** װאס הײסט? איהר זענט זיך איהר מומע איהר װעט איהר דען ניט מאכען?

**סאסיע** (ברוגזלעך) עט האט מיר קײן פאראיבעל ניט, איהר זענט זיך עפּיס נישט קײן נארישער יוד, װאס הײסט איך? איך האב נישט ביל־כערם פון איהר װאס? איך האב נישט קײן קינדערלעך—אונ װידער װיא זאגט מען: זײן העמד איז נאװענטער צום לײב, אװדאי איז מעהר מצוה אז איך מאך מײן שװעסטעריל, זיא איז שױן אפילו באקלײדט װאס מען דארף שױן מעהר ניט. נא אונ פון קײן נדן האט מען זיך ניט װאס צו שמיסען, ער ליגט שױן לאנג אנגעגרײט פון איהרעטװעגען—נאר לאם איך װיססען אײן עק װאס האט ער אײך געענטפערט?

**יודקע** פארקעהרט ער שטעהט דװקא אין קײן נדן ניט, ער זאגט ער װאלט זיא גענומען דװקא אן אײן פרוטה—איהר זעהט? חלעבען אײער

ביסעל ברוינפען מאכט טאקי אפעטיט, איך בין אזוי נאך דעם הונגעריג געווארען אז איך פאלל אזש צו דער ערד, איז אייך ניט איבערגעבליבען עפיס פונ'ם מיטאג א שטיקעלע פלייש אדער א קאפעלע בארשט ?

**סאסיע** (גיט חינקען דיא שליסעל) געה נעם אריין דאס שטיקעל געבראטענס ! (זיא געהט אוועק צו יודקען) איהר זאגט'ס ער שטעהט ניט אין קיין נדן, אין דעם זעהט מען שוין אן אז ער איז א פיינער יונגערמאן—איך זאג אייך וואס איידעל איז איידעל—מ'זעהט ארויס : פערגעסט ניט אז ער איז נאר וואס אנגעקומען אהער אין שטאט איז ער געוועזען אומשטעהנסגעזאגט ארום, היינט זאללט איהר זעהען וויא א מענש האט זיך בעקלייט אונ בענייהעט אונ האט זיך עטליכע קערבליך אין דער זייט אנגעקליבען – וואס זשע דען פיין בלייבט פיין—נא ? איך בעט אייך וואס זשע האט ער אייך געענטווערט ? (חינקע ברייננט אריין אויף א טעללער א שטיקעל געבראטענס ער שטופט אן דיא פיסקעס).

**יודקע** פיין פיין, וואס הייסט פיין, א מענש א פערדינסטער אונ איין ארדענטליכער—א סמן האט מען אז ער שרייעט נאר (ער קייעט) אז ער וויל נאר א פיין קינד (ער קייעט) א פיין מיידעל זאגט ער גיט מיר פון א שיינער משפחה (ער קייעט) איין ארדענטליכם (ער קייעט ווייטער) אונ געלד וועט זיין ביא מיר, פערדינען פערדין איך (ער שטעלט אוועק דעם טעללער אונ בעלעקט זיך).

**סאסיע** פערשטעהט זיך אט דערפאר רעדען איך אז חאנצע געגענדראניא זאלל זיין גליקלעך פאר איהם ווייל מיר קענען איהם אויך פון א פיינער משפחה, נא אונ האנצע געגענדראניא קען איהם אויך ער איז איהר געפעלען נא מיילע איין עק וואס זשע האט ער אייך שוין געענטווערט ?

**יודקע**—וואס ער האט געענטווערט ? איך זאג זיך אייך אז ער איז פארטיג אפילו היינטיגען טאג נאר... צו האט איהר טאקי ניט א ביסעלע שווארצע קאווע צו פערטרונקען, פערשטעהט איהר ווארין איך וועל באלד ווייטער געהן צו'נ־איהם אונ מיט חתנים צו טענין ווערט אזשע טריקען אין גארגעל.

**סאסיע** (שיקט גיך חינקען נאך קאווע זיא געהט אוועק) נאר ? יאה יאה, וואס זאגט ער נאר ? וואס נאר ?

**יודקע** נאר וואס האב איך צו טענין אז זיא איז גאר נישטא היע, אז זיא איז גאר אוועק געפאהרען, אט האט איהר, היינט ווייסט איהר שוין



שדכנים'ס ברויט ? רעד זיך אן וויא א פאס, יאג זיך אן וויא א הונד, אונ אז מ'האלט שוין דאכט זיך ביא איין עק לאזט זיך אוים מיט דער פוטער אראפ.

**סאסיע** איך פערשטעה אייך ניט ? אין וואס איז דא דיא מניעה ? אז זיא וויל אונ ער וויל, איז זיך דיא זאך פארטיג, היינט וואס האט מען דא לאנג צו טענין ?

**יודקע** זעהט איהר זיך וואס קען זיך מאכען, אז זיא וויל אונ ער וויל נאר אז גאטט וויל ניט לאזט זיך אוים אין גאנצען א בלאטע, מאכט זיך נאר אז זיא פאהרט אוועק.—

**סאסיע** פון וועמען רעט איהר ? ווער זאגט אז זיא איז אוועקגעפאהרען ?

**יודקע** סטייטש מיר דאכט אז איהר אליין האט מיר געזאגט אז זיא איז אוועקגעפאהרען.

**סאסיע** ווער זשע ?

**יודקע** סטייטש אייער מאנס פלומעניצע

**סאסיע** וואס טויג זיא אייך ?

**יודקע** אדאם איז שיין, סטייטש וויא אזוי ווערט א שדוך אהן דער כלה ?

**סאסיע** איך פערשטעה אייך ניט ? איהר האט פון איהרעטוועגען אויך א שדוך ?

**יודקע** הערסטו ! מ'רעט אונ מ'רעט, אונ דער סוף לאזט זיך אוים אז מען ווייסט ניט וואס—ער מיינט זיך טאקי נאר זיא !

**סאסיע** וועהמען מיין שוועסטעריל ?

**יודקע** ניין ווייס איך – איך האב זיך אייך געזאגט אז ער שטעהט ניט אין קיין נדן, אז ער וויל נאר א פיין קינד אונ איין ארדענטליכם--נא אונ אייער מאנס פלימעניצע האט ער געהערט זיא איז מיט אללע מעלות וויל ער זיא.

**סאסיע** (מיט כעס) א דינסט ? א סראניקע ? (חינקע קומט אריין מיט דער קאווע אונ זעצט זיך אויף איהר ארט נייהען).

**יודקע** (נעמט טרינקען) טאקי אין דעם זאגט ער שעקט איהר מעלה ווייל זיא איז א ווירטהין א בעל הביתטע, אונ היינטיגע צייטען, זאגט ער איז דאס דיא בעסטע מאדע—הלוואי זאגט ער זאלל מען'ס ניט דארפין—נאר אוודאי איז גוט אין איין נויט אז מ'קאכט אמאל אפ א מיטאג ס'איז גאר קיין חרפה ניט אונ אין דער צייט ווען זיא שטעהט אונ בעשעפטיגט זיך מיט

שטוב זאבין, אין דער צייט, זאגט ער—האט מיר קיין פאריבעל ניט דאס זאג איך נאר נאך זיינע ווערטער—אין דער צייט לויפט איין אנדער מיידעל ארום מיט יונגע לייט און טאנצט אויס אללע נאכטען—און זאגט עפים מיט וואס דער טאטע ווערט אנגעברענט מיט דעם שמעקט ער—איך האב זיך אוודאי געשעמט און האב אייער שוועסטער פערענטווערט איך האב איהם נאך מכבד געוועזען און מיט ראיות בעוויזען אז ער האט אומרעכט—שטעלט ער מיר דיא אויגען און זאגט שווייגט, ער ווייסט נאך עפים סודות.

סאסיע (מיט כעס) וואס סודות? ער האט נאך אויף אונז עפים צו רעדען אט דער גנב אט דער שארלאטאן אט דער שוסטעראק, אט דער קבצן וואס געהט דרייא וואכען אין איין העמד, גלייבט מיר ער זאלל מיר שוין צו צאהלען שרפ״ת אלפים אין בייטעל אריין וואלט איך איהם נישט גע־וואלט קענען, וואס דען איך וועל אומגליקליך מאכען מיין שוועסטעריל פאר אזא שארלאטאן א גנב!

יודקע (סמארעט זיך פערבעסערין זיין פעהלער) הערט איהר וואס דען זאג איך משוגע וועל איך זיין אייער שוועסטעריל וועל איך פארשלאגען אזא נישט איך קען זיך זיא יאה וואס פאר א וואול קינד דאס איז־פאר אייער פלימעניצע יא זעהט איהר? איך האב געטראכט איהר ווילט זיך זייא מן הסתם אראפ פאטערין פונ׳ם קאפ נא זשע דיר א מאן און לאז מיך געמאך אי וואסערער—נא דאס איז שוין קיינעמ׳ס עסק—אבער פון אייער שוועס־טערל׳ס וועגען האב איך טאקי א שרוך איינם אין דער וועלט.

סאסיע אי לאזט מיך שוין צו רוה מיט אייערע שרוכים.

יודקע איך זאג אייך איין אנטיק – צוא איז נישטא בייא אייך א גלעזעלע טהעע?

סאסיע (מיט כעס) ניין— (זיא שאקעלט מיטען קאפ מיט כעס) נא נא.

יודקע הייסט זשע דעם משרת מאכען טהעע.

סאסיע ער איז נישטא אין דער היים—נא האט איהר געהערט א מעשה איהם שטעהט-אויך ניט אן!

יודקע ווייסט איהר זשע וואס-גיט מיר עטליכע קאפיקעס וועל איך מיר געהן טרינקען טהעע.

סאסיע איך האב גראד ניט אצונד—נא דיר א שארלאטאן סודות האט ער גאר.



יודקע נוייס איך—ווייסט איהר וואס גיט מיר און קאפעק האב איך וועל איך שוין האבען טהעע.

סאסיע קוילעט מיך פאר א קאפיקע—אז איך זאג אז איך האב ניט גלייבט איהר ניט.

יודקע נישט קשה וועט איהר מיר אפגעבען איין אנדערט מאל—נא לאם איך בעססער געהן וועגען אייער שוועסטערילס שרוך—ע דאס וועט געהן—א גוטען טאג.

סאסיע (קורץ) געהט געזונד! (ער געהט ארוים).

# אכטע סצענע

סאסיע (ווארט ביז ער איז אוועק נעגאנגען האפט זיך אן מיט דיא הענד ביים קאפ) געוואלד יודען דיא מויד וועט מיך אין דער ערד אריין טרייבען (צו־חינקען) געוואלד שרייא איך, וואס ווילסטו פון מיין לעבען האבען?

חינקע וואס טוה איך אייך אזוינס?

סאסיע (א טיפ מיט׳ן פים) שטום עזותניצע! זיא האט נאך א העזה צו רעדע־ביסט א דינסט! א דיר א שווארץ יאהר, חאליע אין דע־קרענק אין קעך—ניין—קוממט א מענש איז זיא דא, רעד איך מיט א מענשען, איז זיא דא, וואס האסט זיך דא אנידערגעזעצט א דונער זאלל דיך אנשלאגען רחמנותדיגער פאטר! וואס חאליעסטו דא האסט שוין גאר ניט וואס צו טהון?

חינקע איהר אליין האט זיך מיר געהייסען אויפנייהען דא...

סאסיע נ־נ־נ יען זאלל מען דיר שוין תכריכים, גאטט שטארקער צום נייעם יאהר—נא וואס זשע איז קענסטו זאבען און קריינקען אין קעך און גייען—ניין קוממט איהר אוים דרוקא אויווען אן אנדערש שטעהט איהר דעם טאטען אין קבר־קיין כבוד ניט אן—נ־לעבעדיגער גאטט וויא העלפסטו מיר שוין איך זאלל דיא מויד פטור ווערען, וואלט איך שוין אויך געוואוסט אז איך לעב אויף דער וועלט וואס דען? חאנציע געגענדעל וועט אוודאי פערזיצען?—איך האב נאך עפים צו קלערען? אז דיא כלבטע לאזט קיין שרוך ניט צו איבער איהר...

חינקע (לויפט צו מיט א געוויין ניא קישען דיא הענד) מומאניא וואס בין איך שולדיג?!

**סאָסְיָע** (טהוט זיא א שמייץ פון זיך) אַוָועק בֶּעסְטִיָע ! דוּא סְטֶעיָעסְט נָאךְ צוּ גֶעהֶען צוּ מִיר ? קוּק זִיא מִיר נָאר אָן אַבִּיסֶעל דִיא צוּפֶּאצִיקְטֶע בְּרִיָה דִיא אֵיידֶעלֶע וויא זִיא הָאט זִיךְ צוּרָאיָעט, רָאיֶען זָאלל אִיךְ שׁוֹין נָאךְ דַיין קָאפּ הַארְצֶעדִיגֶער פָּאטֶער ! חַאסְלִיעֶרֶע אִיז אִיהר נָאךְ אִין זִין, אַזַא פֶּאהַאנֶע מָארְדֶע אַזַא פַּארְשִׁיוַא, אַזַא וָוערְמְדִינֶע, גָאטט זָאלל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִיא רֶעד, (זיא שפייט אויס) אַפִּילוּ אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט אויפְצוּעֶסֶען פַאר אִיהר וָואלְט אִיךְ זִיךְ גֶעמִיאוּסְט, חַאסְלִיעֶרֶע וויל זִיא נָאךְ הָאבֶּען, הָאבּ חַאסְלִיעֶרֶע אַפִּילוּ מִיטְ׳ן רוּחַ נָאר נִישְׁט בַּייא מִיר אִין שְׁטוּבּ, מִיט מִיר קֶעהְרְסְטוּ זִיךְ גָאר נִיט אָן, הֶערְסְטוּ ? אִיךְ הָאבּ בִּילֶעכֶערְם פוּן דִיר וָועמֶען צוּ הֶעלְפֶען אוֹיס ! מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג זָאלל זִיךְ דַיין פוּס בַּייא מִיר נִישְׁט גֶעפִינֶען–הֶערְסְטוּ צוּ נַיין ! דַיין טְרֵיפָהנֶע צוּרָה זָאלל אִיךְ דָא מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג נִיט זֶעהֶן, הֶערְסְטוּ צוּ נַיין ! אִיךְ דַארְף נִיט אִיךְ דַארְף נִיט זָאלְלְסְט מִיר גֵייהֶען (זיא רייסט אויס דאס נעגייה אונ שטופט זיא ארוים פאר׳ן קארק) אִין דֶער עֶרְד אִין דֶער עֶרְד מִיט אַ גוּטֶען זִיוּג !...

## ניינטע סצענע

**משֶׁה קוּפֶּערְשְׁטִיק** (קומט אריין פון יענער זייט אונ בלייבט שטעהן) **סָאסְיָע** ! מֶעג מֶען דָאס ?

**סָאסְיָע** (פערסאפעט) אוי אוי אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין כֹּחַ נִיט (צו משהן) וָואס אִיז ? וָואס אִיז דַיין עֵסֶק אַ גֶעטְרַייֶער בְּרוּדֶער פַאר אַ דִינְסְט גֶעמְט עֶר זִיךְ אָן, אוּנ אַז דֶער שְׁוָועסְטֶער, וָוערְט מַיינֶע שׂוֹנְאִים צוּשְׁפְּרוּנְגֶען דִיא גַאלל. גֶעהַטְ׳ס אִיהם נִיט אָן.–

**משֶׁה** סָאסְיָע אִיךְ זָאג דִיר אַז מִיט בַּייזֶען וָועסְטוּ גָאר נִיט פּוּעֶלִין !

**סָאסְיָע** נַיין, אִיךְ קֶען׳ס שׁוֹין נִיט אויסְהַאלְטֶען אָה אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַ פֶּערְפוּילְטֶע לֶעבֶּער, דוּא זָאגְסְטְ׳ס זִיךְ נִיט בַּייזֶערְן, נָא פְרֶעג אִיךְ דִיךְ אַלְלֵיין וויא קֶען מֶען זַיין גוּט אַז אוֹיף יֶעדֶער מִינְדְסְטֶער זַאךְ מוּז מֶען זִיךְ נָאר אָפְּעֶסֶען דָאס הַארְץ, אַ מוֹיד זָאלל נִיט פֶערְשְׁטֶעהְן פוּן דַאנִין אַהִין, אַ בְּהֵמָה אַ מְשׁוּנֶה׳דִיגֶע בְּהֵמָה ! הַייסְט מֶען אִיהר אָפְּשְׁאהְמֶען דִיא יוֹיךְ קֶערְט זִיא אִיבֶּערְ דֶעם טָאפּ, הֵיים אִיהר אַרוֹיסְבְּרָאנְגֶען דִיא פָּאמֶענִיצֶע, גִיסְט זִיא מֶעהְר אוֹיס אִיבֶּער דֶער שְׁטוּבּ, הֵיים אִיהר צוּנֵייהֶען אַ קְנָאפִּיל מַאכְט זִיא קַאלְיֶע אַ גַאנְץ הֶעמְד–אִיךְ זָאג דִיר אַז נִיט אֵיינְמָאל שְׁוַוארְצְט מִיר דָאס פָּנִים בַּיים טִישׁ פַאר



מַיין מַאנֶען, אִיהם קָאסְט זִיךְ אִיטְלֶעכֶס פִּיצֶעלֶע בְּלוּט אוּנ צוּם סוֹף אָט עֶר דָען הַנָאָה פוּן עֶסֶען ? דָאס מַאכְט זִיךְ דִיא יוֹיךְ אִיז אִיבֶּערְגֶעזַאלְצֶען, דָאס מַאכְט זִיךְ דָאס גֶעבְּרָאטִינְס אִיז צוּגֶעבְּרֶענְט, דָאס מַאכְט זִיךְ נִיט זִיא אוֹיף אַיין עוֹף צוּם טִישׁ אִין גַאנְצֶען מִיט דִיא פֶּעדֶערְן, אִיךְ וֵויים נִיט וויא אַזוֹינְס אִיז גֶעוַואקְסֶען גֶעוָוארֶען, אִין אַ דָארְף וַוייסְט מֶען שׁוֹין אוֹיךְ בֶּעסְסֶער – אוֹי וַואקְסְט דָאס אַוֵוסְטֶע דָאלְיֶע אֵיינְמִיצֶען אוֹיפְ׳ן קָאפּ–דֶער מַאן אִיהְרֶער וָואס אַמָאל וָועט זַיין מֶעג זִיךְ שׁוֹין פְרִיהֶער אוֹיסְגְרָאבֶען אַ גְרָ׳. . .

**משֶׁה** טְסִי סָאסְיָע !

**סָאסְיָע** וָואס מַאכְסְטוּ מִיר דָא טְסִי מַיינְסְט, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט ? הֶער זְשֶׁע צוּ בְּרוּדֶער וָואס אִיךְ וָועלל דִיר זָאגֶען–נְלַאט סַאדֶען דוּא ווִילְלְסְט ס׳זָאלל זַיין צְווִישֶׁען אוּנְז פַּאסְקִידְנֶע–נָאר אִיךְ שְׁוָוער דִיר אָה זָאלל מֶען מִיךְ דֶערְסְמָאלְט לֶעגֶען מִיט דִיא פִּיס צוּ דֶער טְהִיר הֶערְסְטוּ וָוענְן דוּא וָועסְט חַתוּנָה הָאבֶּען פַאר אִיהְר.

**משֶׁה** טְסִי וָואס שְׁוָוערְסְטוּ זִיךְ אַזוֹי ?

**סָאסְיָע** נָא זָאג אִיךְ דִיר נָאכְאַמָאל אוֹיבּ בַּייא דִיר אִיז טְהַייֶער מַיין לֶעבֶּען זָאלְלְסְטוּ דִיר דָאס אִין גַאנְצֶען אַרוֹיסְשְׁלָאגֶען פוּנְ׳ם קָאפּ–נָאר דוּא וַוייסְט נָאר נִיט וָואס דָא וָועט זִיךְ טְהוּן, אִיךְ וָועלל מַאכֶען אַזַא גֶעוַואלְד אַז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט וָועט זִיךְ צוּנְ-אוֹיפְלוֹיפֶען אוֹיף אַייֶער בַּייז ווּנְדֶער.

**משֶׁה** סָאסְיָע ! קֶענְסְט זִיךְ מִיךְ, אַז דוּא וָועסְט גֶעהְן מִיט בַּייזֶען וָועסְט עֶרְגֶער מַאכֶען, מֵיינְסְט אִין אֶמֶת אִיךְ שְׁטֶעה אִין דִיר אִיךְ קֶען שְׁטֶעלְלֶע אַ חוּפָּה אָהן דַיין לַאסְקֶע אָהן דַיין ווִיסֶען אַפִּילוּ\נָא וָואס וֶועסְטוּ דָא מִיט דֶען אוֹיסְשְׁפִּילֶען ? דוּא וֶועסְט בְּלַייבֶּען דֶער נַאר, דוּא וָועסְט בְּלַייבֶּען דִיא שְׁלֶעכְטֶע אוּנ וויא שַׁיין דָאס וָועט זַיין פַאר דֶער וָועלְט ?

**סָאסְיָע** וָואס הַייסְט ס׳אִיז עֶפִּים הֶפְקֵר אַ וָועלְט אַ דוּא כָּל בּוֹנִיק אַ דוּא. .

**משֶׁה** אָה ! אָה ! אִיךְ הָאבּ זִיךְ דִיר גֶעזָאגְט אַז מִיט בַּייזֶען וָועסְטוּ נָא עֶרְגֶער מַאכֶען, מִיט גוּטֶען קֶענְסְטוּ אַלְדִינְג בַּייא מִיר פּוּעֶלִין !

**סָאסְיָע** (נעלאסען) נָא גוּט נָא, זָאג זְשֶׁע מִיר מַיין לִיבֶּער בְּרוּדֶער וָועסְטוּ מִי פָאלְגֶען.

**משֶׁה** מִיר וֶועלְלֶען זֶעהֶן.

**סָאסְיָע** גְלַייבּ מִיר אִיךְ זָאג דִיר צוּ אַז אִיךְ וָועל דִיךְ גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען.

**משֶׁה** זֶעהר שַׁיין אִיךְ וָועל דִיךְ דַאנְקֶען.

סאסיע פערשטעהסטו און איך וועל דיר טאקי אויסזוכען א שדוך—איך ווייס שוין—און טאקי פון א שיינער משפחה וויא אונז שטעהט אן—ניט אזא ווערמדיגע סבאנקע. . . אזא דינסט אזא. . .

משה אה ווייטער?

סאסיע וואס זשע נעהמסטו זיך אן פאר איהר?

משה גלאט אזוי, וואס האט מען א מיידעל אומזיסט צו באליידיגען צו שעלטען—און דעם אמת ווייסטו זיך אז זיא איז ניט שולדיג וואָרין ווער האט זיא געמאכט פאר א דינסט מעהר וויא דוא אליין.

סאסיע ס'איז טאקי דער אמת מיט וואס דער טאפ ווערט אנגעברענט מיט דעם שמעקט ער/א דינסט בלייבט א דינסט נישט דא איז דארט.

משה ס'איז נאך קיין ראיה ניט.

סאסיע וואס טויג זיא אונז ס'איז גאר ניט כדאי איבער איהר קאליע זיך מאכען דאס מויל אפילו—הער זשע אוים ברודערקאניא האב איך פון דיינעטוועגען א כלה?...

משה זעהר שיין. —

סאסיע איך זאג דיר איין אנטיק!

משה הם! הם!

סאסיע איך זאג דיר א פארטרעט!

משה הם?! הם?...

סאסיע טאקי פון א פיינער משפחה.

משה הם! הם!

סאסיע נא און מיט א סך געלד.

משה הם! הם?!

סאסיע (קלאמערשט אין כעס) הם! הם! וואס המיקעסטו מיר דא? זאג מיר ס'געפעלט דיר?

משה מיר וועללען זעהען.

סאסיע וואס דארפסטו דא זעהען, דוא זאג "יאה" וועט פארטיג ווערען גיך און געשווינד.

משה ניין איך מוז דאך זיא אנקוקען און אויב זיא וועט מיר גאר געפעללען, האט מען נישט וואס צו רעדען, איך וועל דיר זאגען דעם אמת שוועסטער! ס'איז גאר ניט אזוי דיא מעשה וויא מען מאכט דעם געפילדער.



איך וויל זיא גאר ניט אזוי שטארק, דוא שטעלל מיר אנידער א שענערע פון איהר ווער שמיסט מיט עטליכע רו"כ נדן, זאג איך איהר א גוטען טאג און פערגעס גאר אין איהר—נאר דא דארף מען אבער זעהן מאכען ס'זאלל, זיין וויא זאגט מען אי וואללק סיט אי קאזא ציילא—כדי דוא זאלסט ניט בלייבען ביי דער וועלט דיא שלעכטע? — (פערשטעהסטו איך וויל זיך דיך זעהן פערהיטען ביסט פארט מיין שוועסטער און זיא— היינט וויל איך קענן איך זיא, מארגען נעה פון וואנען דוא ביסט געקוממען) פערשטעהסטו? כדי א יתומה זאלל ניט האבען אויף דיר צו וויינען אז דוא האסט איהר דעם זיווג אפגערעט און דוא האסט זיא אומגליקליך געמאכט (פערגעס ניט אז דוא ביסט אויך א מאמע פון קליינע קינדערלעך מ'טאר אזוינע זאכען נישט טהון) וועללען מיר מאכען אזוי: דיא זאך איז דאך פערפאללען, איך האב זיך שוין אנגעלאדען אונזערע היימישע מענשען אויף היינט ביי נאכט, צום קנסמאל— וועללען מיר טהון אזוי? דוא מאך זיך קלאמערשט אז גלייך וויא דוא ביסט דווקא שטארק צופרידען דערפון, און פערקעהרט דוא אליין ווילסט אז ביי דיר אין הויז זאללען זיין דיא תנאים, און דווקא צוגרייטען אלדינג וואס מען דארף—און איך אז ס'וועט קוממען צום רעכטען קלאפ—וועל איך זיך האלטען איינס און זאגען אז זיא געפעללט מיר ניט—פערשטעהסטו? איך מעג מאכען דיא זאך צו נישט איך בין דערגאנגען אין איהר א חסרון און איך וויל ניט וואס קוממט מיר דערפאר?

סאסיע וואס הייסט וואס דען? מען וועט דיך נייטען פון קהל? אז דער חתן וויל ניט קען איהם קיינער נישט נייטען, ער דארף זיך לעבען מיט איהר און אז ער געפינט א חסרון וואס ער ווייסט אז ער וועט מיט איהר נישט קעננען לעבען—ווער קען איהם דערויף נייטען, נאר וואס פאר א חסרון וועסטו זאגען אויף איהר?

משה איך וועל מיר שוין זעהן דארט אויסזוכען א חסרון.

סאסיע וואס וועסטו זאגען? זיא איז א דינסט א סבאנקע!

משה זיא איז א דינסט א סבאנקע!

סאסיע אדער זיא איז א נבלה א פארשיוואיא!

משה אדער זיא איז א נבלה א פארשיוואיא איך וועל מיר שוין אויסזוכען.

סאסיע (בייגט זיך אן צו—נ—איהם אויפ'ן אויער און ראהמט איהם עפים איין).

משה (שפרינגט אויף פאר שרעק און שהוט א פליאסק מיט דיא הענד) וואס זאגסטו?

**סאסיע** יאה יאה יאה!

**משה** (אלץ דערשראקען) באמת טאקי?

**סאסיע** וויא דוא זעהסט מיך א יודעשע טאכטער יאה יאה פערשטעהסטו.

**משה** נא שוועסטער ס׳וועט שוין זיין רעכט—אה איך האב זיך נאר ניט גערעכט אויף איהר—נא הער זשע אוים איך וועל איהר שוין ווייזען! דוא שפיל נאר דיין ראללע ביז אין לעצט. אז דוא ביסט נאר קלאמערשט צו פריידען, מאך זיך נאר נישט ווימסענדיג אונ איך אויך, שעלט זיא ניט, פערקעהרט ווייז איהר דוואקא א פרייע מיינע, אונ גרייט אלדינג צו פיין אונ וואויל, נא, נא זיא וועט שוין האבען ביי מיר וואויל אונ פיין—וואס פרעגסטו?

**סאסיע** וואס דען, האסטו געהערט, וואס דיר איז אביין אין קאפ.

**משה** נא שוועסטעו׳ וואס קען מען מאכען איך בין נאך א יונגערמאן, מ׳האט אמאל א טעות איז קיין חדוש ניט מען מוז איהם מוחל זיין, אונ דיר שוועסטער דאנק איך וואס דוא האסט מיך אפגעהיט פון שלעכטען.

**סאסיע** וואס דען מיינסטו אז איך שרייא, שרייא איך אומזיסט, וואלט דאס געווען א פרעמדער תאפט איהם דער וואטעלמאכער, אבער מיין איינענער ברודער. . .

**משה** (נעמט זיא ארים אונ טהוט איהר א קוש) איך דאנק דיר שוועסטער, געה זשע געה גיכער אונ גרייט אן דיא אללע זאכען היים זיך איהר אנטהון עפים.

**סאסיע** יאה דאס וועט טאקי הייסען וויא זאגט מען; זיא געהט צוא דער פגורה וויא צום טאנץ — אט געה איך ברודערא נ יא (ויא געהט אוועק לוסטיג).

**משה** (קוקט איהר נאך ער צושפרייט דיא פינגער פון ביידע הענד אונ לייגט צו דעם לעצטען גראבען פינגער צו דער נאז אונ מאכט) נא: אדאם שוועסטערלייב!..





# צווייטער אקט

## ערשטע סצענע

(ריא איינענע זאל נאר בעלייכטעט, טישען שטעהן גערעקט אונ אויף איינעם טעללער מיט עססענווארג מיט ווין. חינקע געהט ארים אלליין צום קנסמאל שיין געקליידעט)-

**חינקע** (געהט ארים אהין אונ אהער דערנאך בלייבט זיא שטעהן) ניין—עפים לייגט זיך׳ס מיר ניט אין קאפ ס׳זאלל פלוצלונג ווערען אזא פערעטענע אין דער מוטען? איך פערשטעה׳ס ניט. וויא לאנג האט זיא דא אזוי געפילדערט אונ געשריגען אונ פלוצלונג הייסט זיא מיר אוועקלייגען דיא ארבייט הייסט זיך מיר אנטהון צום קנסמאל אונ טרייסט מיך נאר (זיא טראכט) ניין מיך טרייסט׳ס עפים ניט אויף איהר איז מיר שווער צו גלייבען (זיא טראכט) זאלל איך זאגען דער פעטער האט זיא איבערגערעדט וויים איך? זיא הערט איהם א שיין ביסעל—אז זיא געהט נאר אין ספאדיק וואס זשע דען האט זיא זיך פלוצלונג איבערגעאנדערשט (זיא טראכט) הא! הא! איך וויים, ווייל זיא האט געהאט א בריעף אז מיין געשוועסטער קינד קוממט באלד אהער צו פאהרען צו גאסט, א יונגער מאן פון דער אוניווערסיטעט, פאר איהם האט זיא דרך ארץ, אונ האט מורא ארויסצוווייזען איהרע שטאקים—וואס זשע איז? דאס וועט זיך אלץ זיין שפעטער, אבער דערווייל קען זיא נאך גענוג וועלטען איבערקעהרען—איך פערשטעה פארט ניט, אט פאר איהר פרייער מינגע אלליין שרעק איך זיך, איהר גוטסקייט אלליין טרייסט מיך ניט—נאר וואס האב איך דא צו קלערען, אט א פנים זיא וויל מיך מיטשען אויף אזא-נ-אויפן? — טא איך בין זיך שוין געוואוינט מיט דעם.

## צווייטע סצענע

(איספאנסקי שלעפט אריין ראדיען פאר דער האנר צו חינקען) געה נאר אוואק אויף איין מינוט (חינקע געהט ארוים. איספאנסקי נעמט ראדיען אויפ׳ן אויער)

הערט זשע אוים וואס. איך זאג אייך אן-סיילא איין זאך איז אונז שוין

גערַאטען, וואס איך האב גערַאטען משהען. האט ער׳ס אבגעארבייט וויא א מאלאדיעץ. אצונד איז אייער אמשערער, געדיינקט זשע איהר מעגט איך זיי א שלאפמיצעל נאר דא זאלל איך נאטש היטען אויב איהר וועט פערשלאפען, פערגעסט ניט אצונד שטעהט איך אדער גליקליך צו מאכען אייער פלומעניצע אדער זיא איז פערפאללען אויף אייביג אין דער גאנצער פלעק וועט פאללען אויף אייך, וואַרען איהר זענט איהר פעטער ס׳איז אייער פלייש אונ בלוט– איהר מאכט זיך נאר קאבאַזש אונ פאלגט מיך נאר אוים אונ זיצט לעבען מיר, טאמיר וועט זיא אנהייבען צו זינגען איהר געוויינליך לידעל אויף דיא הויכע נאהטהען, איז איין מיטעלל איהר זאללט נאר נעמען העכערע נאהטהען איבערשרייען זיא פערשטעהט איהר ; וועט איהר זעהן וויא זיא וועט בלייבען אפהאנדיג.

**דאדיע.** יאה אבער אז זיא וועט מיך שעלטען ?

**איספאנסקי.** האב איך זיך אייך געזאגט : א טאטע פאר א טאטען ! א מאמע פאר א מאמען ; א ברכה פאר א ברכה !

**דאדיע.** (רעדזעהט פון דערווייטען סאסיען אריין געהען) טסי האט געהט זיא.

## דריטטע סצענע

(מאסיע מיט דער מוטטער קוממען אריין אונ זעצען זיך אנידער דיא מוטטער אביסיל אונטער איהר)

**סאסיע.** (האט אונטערגעהערט דאס לעצטע ווארט צו איספאנסקין) וואס האט איהר עפים געזאגט א ברכה ?

**איספאנסקי.** איך זאג׳ס וואס פאר א ברכה איז אין א שטוב אז ס׳איז דא א וואילע בעל הביתטע א שטייגער אזא-נ-אשת חיל וויא איהר– עפים אין איטלעכען ווינקעלע זינגט, דאס ריינקהייט, דאס זויבערקייט.

**סאסיע** (טהוט א זיפץ) אודאי יאה, אט ענטגעגען אייך מאנען קען מען יוצא זיין, אט פרעגט נאר מיין דאליע ? וועט ער אייך זאגען אז דאס ווייב איז א שלעכטע, דאס ווייב איז א שלאק, דאס ווייב איז א שלימזלניצע, וויא ס׳רעט זיך אזוי גרינג ארוים פונ׳ם מויל ״שלימזאלניצע״ אוי איהר זאללט אבער האבען אונזער בויכווייטיג. . .

**דיא מוטטער.** (פאללט איהר אריין אין דיא רייד) אונזער ביטער געמיטה מיט קינדערלעך : דאס באדין, יענץ ארום וואשין ארויסטראגען דיא פאמעניצע, אויסקערען דיא שטוב, צו שטעללען א טאפ, אפעסען זיך



דאס הארץ מיט דיא דינסטען, קריגען זיך מיט דער שכנה, שלאגען זיך מיטין גוי אין מארק איבער א קאפיקע.

**סאסיע.** (הערט זיא ניט אונ רעט ווייטער) נאר דיא מעשה איז וועל איך אייך זאגען איך קען אייך שוין מאנען אויסגעבינדען איהר זענט א גוטע אומה, איטליכער מאן מיינט אז יענעמ׳ס ווייב איז דיא בריהעטע יענעמס איז דיא וואוילע, יענעמס דיא גוטע, אונ זיינע איז דיא שלימזלניצע.

**דיא מוטטער.** מ׳שטיינסט געזאגט אט א פנים זייא ווייסען דען ווער עס האט זייא געשוירען, געשלייערטע האנזיעס !

**סאסיע.** נא נא דוא מיש דיך ניט ! (ר׳ חזקאל דער אונטער חזן קוממט אריין).

## פירטע סצענע

| | |
|---|---|
| **סאסיע** אין איינעם מיט | ברוך הבא ר׳ חאזקעל זיצט אנידער ! |
| **דיא מוטטער** | ברוך הבא ר׳ חאזקעל, (ר׳ האזקעל זעצט זיך אנידער) |

**סאסיע.** וואס הערט זיך עפים ביי אייך ? וויא געהט אייער מסחר ? האט איהר אפט חתונות ?

**ר׳ חאזקעל** (ר׳ חאזקעל נעממט ארוים דאס פישקעלע טאבאק אונ טהוט א שמעק) בע ! היינט איז דיא צייט אביסינקעלע געשלאגען ס׳האט זיך מיר געמאכט עטליכע קנסמאל׳ן ביי איך בייט איבער אייער כבוד, פיינע גבירים האב איך געחאפט א פערדינסט.

**סאסיע** אזוי ? שרייבט איהר גוט תנאים ?

**ר׳ חאזקעל** בע, גוט ניט גוט אבי מיט מזל אונ מיט ברכה. איך וואלט אייך נאר געווונשען אז איהר זאלט האבען אזוי פיעל, איך בייט איבער אייער כבוד, מאות אונ אלפים וויפיל תנאים איך האב שוין איבערגעשריבען אויף מיין לעבען, איך האב ניט אזוי פיעל האר, איך בייט איבער אייער כבוד, אין קאפ וויפיעל תנאים איך האב שוין געשריבען, דעם נוסח קען איך שוין אויסווענדיג נאר דאס כתב איז אפילו אביסעל אלט מאדעשליך פון דעסטוועגין מיג מען זיך מיט מיינע תנאים, איך בייט איבער אייער כבוד, ארום טראגען צו דיא גרעסטע רבנים וועללען זייא אויך לעקען דיא פינגער.

**סאסיע** יאה מיר דאכט אז איהר זענט צו צייטען א שדכן אויך—איהר קענט מיין שוועסטעריל ?

**ר' חאזקעל** וועלכע דיא יונגסטע האנציע געגענדאניא אך אונ מיר געשעהן איך קען זיך זיא אז זיא איז געוועזן אזא פיציל קינד אז זיא פלעגט זיך נאך, איך בייט איבער אייער כבוד, שפילען אין זאמד.

**סאסיע** מ'האט מיר פירגעגעבען א שדוך, יעקיל-מאיר-רייצים איהר קענט איהם ?

**ר' חאזקעל** בע ס'איז אפילו נישט קשה נאר ער איז אבער, איך בייט איבער אייער כבוד, א קבצן, אונ וויא איהר קוקט איהם אן איז ער נאך גרוים ביא זיך ער איז שוין עטליכע מאהל א חתן געוועזן א״ געפעלט איהם ניט דיא כלה, אט זאגט ער אז זיא איז, איך בייט איבער אייער כבוד, נאר איין אנטיק איינס אין דער וועלט, אט זאגט ער זיא איז בלאטע-איינמאהל טרעפט זיך מיט איהם אזא מעשה ס'איז שוין אלדינג גיוועזן פארטיג צוגעגרייט צו דיא תנאים אונ מיט'ן דערינגען טאקי ביים קנסמאל, נא, נא, וואס טויג אייך, האט ער זיך איך בייט איבער אייער כבוד בא. . . (ער טהוט 'א שמעק טאבאקע) באטראכט אז ער וויל ניט דיא כלה אונ ס'איז געווארען צו נישט.

**סאסיע** אזוי טרעפט זיך יאה אמאהל אז דער חתן וויל ניט זאלל ווערין צו נישט ?

**ר' חאזקעל** איהר דארפט דאס נאך פרעגין-איהר זענט זיך יאה קיין נאריש וויבעל ניט, אז ס'געפעלט איהם ניט קענן ער אייך אוודאי ארויסשטעללען איך בייט איבער אייער כבוד, צעהן פייגען אונ ס'ווערט צו נישט אבי מיר לעגט מען אנידער איך בייט איבער אייער כבוד מיין שכר טרחה.

## פינפטע סצענע.

(עס קוממט אן עטליכע יודען אונ עטליכע שכנות אונ דער חתן דיא שוועסטער טוהט איהם א ווינק ער זעצט זיך לעבען איהר, ענטגעגנען זייא איספאנסקי פין ווייטען מיט דאריען אין איינעם).

**איספאנסקי** (הייבט זיך אויף) נא דיא נאכט שטעהט ניט !

**ר' חאזקעל** (נעמט פאפיר אונ שרייבט אללע סורדען זיך).

**ר' חאזקעל** (קוקט זיך אום צו דער זייט וויא דאריע זיצט) פון כלות צד וואס זענט איהר זיך מתחיב מחותן ?

**סאסיע** (קוקט דעם ברידער אין פנים) וואס ?

**דיא מוטטער** הא ?



**משה** שווייג זשע ס'וועט זיין רעכט.

**איספאנסקי** (שטילערהייט צו דאריען מלבושים עטליכע אונ איינם א זיידענם אזוי וויא מיר האבען גערעט.

**דאריע** (הויך דערשראקען) מלבושים עטליכע אונ איינם א זיידענם וויא מיר האבען. . . (איספאנסקי טהוט איהם אשלעפ פאר דער האנד).

**ר' חאזקעל** נדן ?

**איספאנסקי** (שטיל) שיין.

**דאריע** (הויך) שיין.

**סאסיע** (קוקט דעם ברידער אין פנים) וואס ?

**דיא מוטטער** הא ?

**משה** שווייג וואס ארט דיך לאזען זייא ביללען.

**ר' חאזקעל** (קעהרט זיך אום צו דער זייט וויא סאסיע זיצט מיט'ן ברידער) נא אונ פון חתן'ס צד וויפיעל זענט איהר זיך איך בייט איבער אייער כבוד מתחיב ?

**משה** (ניד) אין גאנצען ?

**סאסיע** וואס ?

**דיא מוטטער** הא ?

**משה** שווייג נאראניא ס'וועט זיין רעכט.

**ר' חאזקעל** וואס מיינט איהר אין גאנצען, איהר מיינט אוודאי מיט, איך בייט איבער אייער כבוד, מיט, מזונות מיט אללעמען ? (ער ווארט שוין ניט אויף קיין ענטפער ער נעמט א פעטשיילע אונ געהט צו צו דער כלה מקבל קנין זיין זיא נעמט זיא אין דער האנד).

**סאסיע** (פין ווייטען צום ברודער) קוק אן דעם חן, זיא מיינט'ס אבער ערנסט דיא כלבשטע.

**ר' חאזקעל** (געהט צו צום חתן) היינט זייט איהר חתן ! איך בייט איבער אייער כבוד מקבל קנין ?

**סאסיע** (תאפט פריהער) אויב איהר ווילט יאה שוינען אייער כבוד, טא געהט זשע אייך אביסיל ווייטער. —

**דיא מוטטער**—פערשטעהט איהר מיך, אביסיל ווייטער.

**ר' חאזקעל** איך פערשטעה ניט, זייא זענגען זיך דאכט מיר דער חתן דארפען זייא זיך איך בייט איבער אייער כבוד, מקבל קנין זיין !! —

**סאסיע** נא אויב אזוי בייט איך יאה איבער אייער כבוד זענט איהר זיך דאס וואס מ'טאר ניט אויסזאגען-סטייטש מען מאכט פון אייך חוזק און איהר מיינט אויף דער אמת'ן-פריהער דארפט איהר זיך פרעגען צו דער חתן ווילל גאר דיא כלה ?

**דיא מוטטער** יאה, האסטו געהערט איין אנחאפ ? צו ווילל ער זיא גאר אפילו ?

**ר' חאזקעל** אז מ'בארף פרעגען וועל איך פרעגען (צום חתן) איהר חתן ווילט איך בייט איבער אייער כבוד דיא כלה ?

**סאסיע** (חאפט אוים פריהער) ניין, ניין, מ'האט זיך אייך געזאגט אז ניין !

**דיא מוטטער** איז ניין !

**משה** (הייבט זיך אויף) ניין ניין איהר הערט גיך אז מיין שוועסטער און דיא מאמע זאגען אייך ניין-נא און איך אלליין ס'הייסט דער חתן זאגט יאה ! און האט בין איך מקבל קנין (ער נעמט אן דיא פעטשיילע איספאנסקי חאפט א טעללער און טהוט א שמ'ין אין דער ערד און טהוט א געשרייא מזל טוב דאריע און דיא איבריגע שרייען איהם נא- מזל טוב, סאסיע חאפט זיך אן פאר'ן קאפ מיט ביידע הענד).

**סאסיע** } וואס ? באזבוזיניק ! וואס רעדסטו, מאמע איך וועל מיך
**אין איינעם מיט** } שטעכען, מאמע איך וועל זיך א מעשה אנטהון אט דער
**דער מוטטער** } שקרן אט דער ליגנער אוי ארוים פון מיין שטוב !
} וואס כלבוניק ! שבוניק ! טריפהנאק קארטעטשניק, מחשטוניק ! ארוים פון דער שטוב !

**משה** איך וועל געהן נאר מיט איהר (ער ווייזט אויף חינקען.)

**סאסיע** } מיט איהר מיט איהר געה זייא דיא כפרה מיט איהר פאר
**אין איינעם מיט** } אונז אללע אין דער ערד אין דער ערד מיט אגוטען זיווג,
**דער מוטטער** } אוי אז אך און וועה איז מיר אז איך דארף האבען אזא ברודער.
} מיט איהר, מיט איהר, געה געה צו-נ-אללדע רוחות צו-נ-אללדע שווארצע יאהר ! דיא כפרה ! דיא כפרה אוי אז פערוויסט בין איך געווארען אז איך האב געהאט אזא זוהן ! אוי א ווייטיג דער מאמען !
(זיא ברעכט דיא הענד).

**סאסיע** (ווייזט אויף דאריען) אט קוק איהם אן אה דעם גזלן ער זיצט אין געהאקטע ווינדעו, קזאללים איהם גאר אנגעהן, וואס שווייגסטו ? קוילער מיינער וואס שטומסטו ? וואס רעדסטו ניט ? אוי אוי אוי.



**איספאנסקי** (שטילל צו דאריען) נא שנייר !

**דאריע** (טהוט זיך א שטעלל אנידער שטאלץ מיט דיא הענד ארינטער אויף א קול) ווילל'סט איך זאל רעדען ? אוי וועל איך דיר זאגען אזוינס וואס דוא האסט נאך קיינמאל פון מיר ניט געהערט (ער זעצט זיך צו ריק אנידער).

**סאסיע** מאמע ! איך וועל מיך הייגגען ! מאמע הער חאטש אויס ער ווילל מיר דערגעהן דעם יאק, (צו דאריען) אין דיין טאטינס טאטעו !

**דיא מוטטער** דוא שכור ! דוא פיאניצא ! האסט זיך אנגעשכורט ווילל'סטו מיין טאכטער קוילען אין דיין טאטינס טאטען אריין.

**איספאנסקי** (שטילל צו דאריען) שנייד ! שנייד !

**דאריען** (הויך) אין דיין טאטינס טאטען אריין-דוא מיינסט תמיד וועל איך דיר שווייגען ? (ער זעצט זיך אנידער).

**סאסיע** אוים ! איך רעד שוין מעהר ניט, מארגעדייען טאג צום גט אין דער ערד מיט'ן קאפ !

**איספאנסקי** (שטילל צו דאריען) שנייד ! שנייד !

**דאריען** אין דער ערד מיט'ן קאפ אלליין אפילו באלד צום גט ;

**איספאנסקי** שנייד ווייטער !

**דאריע** אזא שלאגג אזא רוח טויג מיר ניט צו האבען איך בין בעל הבית !

**חינקע** (פאלט סאסיען צו דיא פים) מומאניא הערט אויף ! איך שיינק אייך אין גאנצען איך ווילל ניט, אבי לאז זיין שטילל.

**סאסיע** (חאפט אוים דיא תנאים און גיט זיא א שמיץ פון זיך) אוועק כלבוניצע (זיא צערייסט דיא תנאים) נא אז איך ווילל ניט איז ניט מיין טויט זאלל מיר זיין.

**משה** (נעמט אן חינקען גערעמט) שוועסטעראניא איך דארף אויף כפרות דיא תנאים מיט אין גאנצען אט הערט גאטט און האט הערען מענשען חינקע איז מיין כלה חינקע וועט זיין מיין ווייב (ער געהט אוועק מיט איר איספאנסקי ראדיע און אללע שרייען) מזל טוב מזל טוב !

**סאסיע** (פאלט חלשות) מאמע ראטעווע מיך איך בין פערבייא אוי !

**דיא מוטטער** (פאכט זיך מיט'ן פארטאך) רוצחים ראזבוינקים אוי וועה מיין טאכטער איז פערבייא יודען ראטעוועט סאסאניא לאז זיך ניט אפ נשמה בייזט א מאמע פון קינדערלעך (זיא פאכט-אללע ריקען זיך ארוים צו ביסלעך פון דער שטוב).

## זעקסטע סצענע

**יודקע פייפער** (קוממט אן פון דער אנדערער זייט) וואס איז ? מן הסתם דאס הארץ זייא פערחלשט געווארען מן הסתם געחאפט איין איבריגען ביסען, נישט קשה קיין אומגליק ניט אביסעל טהעע פערטרינקען וועט בעסער ווערין (ער שרייט) טהעע טהעע גיכער !

**ר' חאזקעל** מדארף זייא דורך רייבען אביסעל איך בייט איבער אייער כבוד בייא דיא שלייפען.

## זיבעטע סצענע

**יאשע** (ברענגט אריין א גלאז מהעע יורקע חאפט זיא) וואַרט לאמיר פערזיכען טאמיר איז צו היים (ער טרינקט אוים אין גאנצען) נא א רפואה יאה יאה אזא טהעע דארפען זייא האבען גיב אהער נאך א גלאז.

**יאשע** (צו סאסיען) מען איז ערשט געקוממען אנזאגען אז אייער פלימעניק איז נעקוממען ער וועט באלד זיין דא.

**סאסיע** (עפפענט דיא אויגין) מאמע ! ביסטרא.

**דיא מוטטער** וואס איז טאכטער ?

**סאסיע** קום איך וועל זיך צולייגען אביסעל איך האב קיין כח ניט, ס'זאלל זיין שטיל הערסטו (סאסיע נעהט ארוים אנגעשפארט אין דער מוטטער יאשע נעהט זייא נאך אונ ווינקט מיט דעם פינגער אויף דער נאז צו יודקען).

**יודקע** (ררעהט זיך דערווייל אוים צום טיש אונ הייבט אן צו נאשען ער דערזעהט ר' חאזקלען) אה איהר זענט אויך דא וואס טהוט איהר דא ?

**ר' חאזקעל** אט זענט איהר מאקי א גרויסער איך בייט איבער אייער כבוד חכם וואס הייסט וואס איך טהוא דא ? איך האב זיך דא איך בייט איבער אייער כבוד דיא תנאים געשריבין.

**יודקע** (אלץ פערטראכטען אין דער אבילה מיט א פילל מויל) וואסערע תנאים ?

**ר' חאזקעל** תנאים אחתן כלה אשרוך שרייב איך תנאים !

**יודקע** (אלץ פערטראכטען) נא אונ וויא בין איך געוועזען ?

**ר' חאזקעל** וויא איהר זענט געוועזען ? איהר זענט געוועזען, איך בייט איבער אייער כבוד איך ווייס וויא איהר זענט געוועזען ?

**יודקע** (שטיפט אין דיא פיסקעס אונ שאקעלט מיט'ן קאפ) הם הם ? ?



**ר' חאזקעל** וואס רעדט מיינט איהר ! היינטיגע צייטען דארף מען אונז שוין האבען אויף ערב יום כפור דיא פראנצויזען געהמען זיך אליין איך בייט איבער אייער כבוד, כלות, זייא זעהען א מיידעל זייא רעדען אליין מיט איהר אונ מאכען איהר אן איך בייט איבער אייער כבוד א סך קאמפלימענטים אונ געהמען זיא אן איך בייט איבער אייער כבוד פאר דער האנד אונ זאגען אט העהרען נאטט אונ לייט אז זיא איז מיין כלה איך דארף נישט קיין שדכנים איך דארף ניט קיין תנאים אונ גענוג האט איר געהערט !

## אכטע סצענע

**יאשע** (לויפט אריין אונ ריקט עפים ר' חאזקלען אריין אין דער האנר חאזקעל נעהם אוועק יאשי דערזעהט יודקען נאשען ער פערלייגט דיא הענד אונ שאקעלט מיט'ן קאפ) איהר זעהט וויא ער האט זיך צוגעחאפט ער האט שוין אויסגעלעקט אלע טעלער !

**יודקע** נאר איך וועל דיר פערשפארען איין ארבייט.

**יאשע** (אין כעס) ארוים דוא קאץ דוא נאשער.

**יודקע** נאראניא איך וועל דיר רעדען א כלה א פיינם א שיינם, איין אר־דענטליכע א בייך'ס א א א...

**יאשי** שיין שיין איך וועל זיך מישב זיין מיט מיין ווייב נאר דערווייל (ער נעהט צו אונ נעמט אן א פלאש) קוקט אן דעם ריצענהייל האט ער אויך אויסגעטרינקען ?

**יודקע** (קלאמערשט דערשראקען) ריצענהייל איז דא געוועזען ? איך זעה איך האב עפים קיין אפטיט ניט לאם איך זשע באהאלטין אויף שפעטער (ער לייגט פינ'ם טעלער אין קעשענע אריין).

**יאשי** ח ! ח ! ח ! קיין אפטיט האט ער ניט ווייז נאר וואס האסטו אנ־גענג פילע קעשינעם ? בייא דיר אין דיא קעשינעם קער שוין זיין א גאנץ באקאלעינע קלייטיל : אויסגעווייקטע טהעע, ציבעלים, צוקער, קנאביל, קעז, א שטיקעל געבראטענם מיט א פיראזשנע, שטיקלעך סטעארינע ליכט, איין אנגעהאקטען הערינג מיט ציבעלים ערשט אראפגעשארט פון א טעלער בייא דיר איז דאך אלדינג א סחורה. (ער נעמט איהם צו בעזוכען)

**יודקע** (האלט זיך צו בייא דער קעשעינע אונ ביים בויך) אוי, אוי, אוי דער בויך טהוט מיר מאקי עפים וועה נא ממוז געהן פערטרינקען מיט עטליכע גלעזלעך טהעע (ער געהט אוועק אנגעבויגען).

〰〰〰

# דריטער אקט

## ערשטע סצענע

(סאסיע אונ חאנצי גינענדיל)

**סאסיע** גְעה זשע גְעה חאנציעלע אונ טוה זיך ניך איבער, ווארען ס'פּאסט ניט דו זאללסט געהן אזוי וויא דו שטעהסט ביים שענק, פערגעס ניט דער פּלימעניק ווייזט אויס א פיין מענשיל ער שטודירט אין דער זוארסטעט, פערשטעהסט פאר איהם דארף מען זיך אנדערש ווייזען (זיא טהוט א טראכט) מיר איז עפּים אנגעפאללען—נא ! ס'וועט זיין רעכט, געה זשע געה גיכער אונ זאם ניט.

**חאנציע גינענדעל** זעהר שיין (זיא וויל אוועקגעהען).

**סאסיע** (רופט זיא גיך צוריק) חאנציעלע ! חאנציעלע

**חאנציע גינענדעל** (קערט זיך אום) וואס איז ?

**סאסיע** זאללסט אנטהון דאס טאשלינגע קלייד מיט טאניקים פערשטעהסט אונ געה ! (חאנציע גינענדעל געהט אוועק)

**סאסיע** (רופט זיא צוריק) חאנציעלע חאנציעלע

**חאנציע גינענדעל** (קעהרט זיך אום) וואס איז ?

**סאסיע** אונ דאס ווייסע טאליענע העמדעל מיט דיא באפים אונ מיט אונ, אונ, אונ...

**חאנציע גינענדעל** דעקיל טביא ?...

**סאסיע** (פערטראכט זיך) יאה יאה ! וויל פערשטעהסט אזוינע יונגע לייט..... גוט גוט נא געה (זיא געהט אוועק).

**סאסיע** חאנציעלע חאנציעלע !

**חאנציע גינענדעל** וואס איז נאך ?

**סאסיע** (באטראכט איהר דעם קאפּ פון אללע זייטען) זאללסט זיך פערקעמען וויא מען טראגט היינט א שיניאן נעהם ביא מיר דיא קישעלעך וועל איך דיר ענטפלייען זאללסט אונטערלעגען אונ א־ום דיא האר א בלאוו



ליענטעלע מיטען שלייף אין דער לינקער זייט יאה אזוי וועט זיין שיין—נא געה נעה אונ קום באלד (חאנציע גענענדעל געהט אוועק).

## צווייטע סצענע

**סאסיע** (אליין) ווייס איך, ער וועט פערצאפּעלט ווערין, אז ער וועט זיא נאר דערזעהן, איך האב נאך עפּים צו קלערען ? נא היינט דאכט מיר איז שוין געקומען דיא צייט אז מיין חאנציע גינענדעל זאל שוין אויפגערעכט ווערין—יאה ס'וואלט שוין אויך א יושר געוועהן—חלעבין זיא איז דאך מיין שוועסטער, מ'טאר זיך ניט זאגען, נאר איך וואלט שוין אויך אריין געווארפין אין פּישקע אויף מאיר בעל נס, אז איך זאלל זיא אראפּ פּאטערין פונ'ם קאפּ חלעבין היינטיגע צייטען ? א שיין מיידעל איז זיא, אונ שוין אין דיא יאהרען—אונ ווידער אט ארוח אין דער וועלט אריין לאם איך זייא פערשטופּען דאס מויל לאז מען ניט האבין וואס צו ריידין (זיא דערזעהט זילבערזיידען) ער געהט.

## דריטע סצענע

**זילבערזייד** (טהוט זיך א נייג אונ זעצט זיך אנידער) וואס זשע הערט זיך מומאניא ?

**סאסיע** עט וואס זאלל זיך הערען ? איטלעכם ווארט וואס מען רעט וויא געפעלט אייך בעסער אונזער שטעדטיל ?

**זילבערזייד** נישט קשה מאנספערזאנען זעה איך דא שיינע נאר פּרויענציממער עפּים, עפּים, (ער פערקנייטשט מיט דער נאז).

**סאסיע** וואס ווילט איהר ? איהר זענט ערשט, וויפיעל זענט איהר'ם דא ? נאך קיין צווייא טאג ניט ווילט איהר שוין אלדינג אויסזעהען—ווארט איהר וועט נאך זעהן ס'וועט גאה זיין צייט, רוהט זיך אוים פריהער !

**זילבערזייד** פארדאהן ס'הייסט לויפין לויף איך ניט נאך נאך זייא, נאר אז איך קוק שוין בלויז דארף איך ריידען מיט א מיאוסער אמעהר רייד איך מיט א שיינער.

**סאסיע** אי איהר יונגע לייט איך זאלל האבען איבער אייך צושאפען וואלט איך אייך איך ווייס אליין ניט וואס—ניב זייא נאר שיינע—נא אונ דיא מיאוסע וואס וועללען טהון ? נאך אייערע רייד דארפען אללע מיאוסע פערזיצען ?

**זילבערזייד** בארדאהן איהר פערשטעהט מיך נישט, איך מיין מיאוסע אין קאראקטער פערקעהרט ס'איז פאראנען נישט שיינע אויפ'ן פּנים נאר זייא

האבען חן זייא זענען נייסטרייך, זייא האבען א מאקסטמייסיגעס בענעהמען — און ווידער איז פערבאנען א סך וואס זענען שיין קלאר, געזונד, פארביג נאר דאס איז אבער נאר א קלאץ, א שטיק פלייש מיט אויגען וויא זאגט מען, אזוי וויא דיא באהציען וואס שטעהן ביי דיא פאריקין מאבערס אין דיא פענסטער עס גלאנצט, מיט א פאר שווארצע אויגען און מעהר איז נישטא אין דעם — אזוינע קענען נאך מיאוסער זיין נאך פון דער מיאוסטער !

**סאסיע** אט איהר ווייסט עפּיס, אז שיין איז טאקי שיין, און דיא מיאוסע גאטט זאלל מיך ניט שטראפען פאר דיא רייד איך ווייס טאקי ניט וויא א סך מאנען לעבען מיט אזוינס.

**חינקע** (קומט אריין) מומע גיט דיא שליסעלעך.

**סאסיע** (גיט איהר) נא ! (זיא נעהט אוועק)

**זילבערזייד** (קוקט איהר נאך) וואס זאגט איהר אויף איהר וויא זיא איז אויסגעוואקסען, איך געדיינק זיא פון קליינערהייט איז זיא געווען א גאר ניט, און היינט וויא זיא האט זיך א חאפ געטהון אויף דיא פים און וויא שטאלטנע וויא שיין !

**סאסיע** אט וואס אייך געפעלט, פאר אייך יונגעלייט לאז מען אנטהון א שטעקין א קליידיל און מ'זאלל אייך זאגען אבי דאס איז א מיידעל קוועלט איהר שוין דערפין — וואס ער האט דא דערזעהן אויב איהר זענט יאה א מבין אויף שיין וועלין מיר זעהן אין מיסטען וואס וועט איהר זאגען אויף מיין שוועסטעריל.

**זילבערזייד** איהר האט א שוועסטעריל ?

**סאסיע** נא יאה נא ?

**זילבערזייד** א יונגס ?

**סאסיע** נא יאה נא !

**זילבערזייד** נא און זיא איז שיין ?

**סאסיע** (לאזט אראפ דיא אויגען) ווייס איך מ'זאגט אז זיא איז שיין.

**זילבערזייד** פארוואהן וואס הייסט מ'זאגט ! נא און איהר אליין וואס זאגט ?

**סאסיע** איך בין דאך איהר שוועסטער, וויא זאגט מען, איטלעכס קינד איז ביי זיין מאמען שיין אין דיא אויגען.

**זילבערזייד** אבער דאך. . . . .



**סאסיע** אבער גאר ניט, איהר וועט זיא אנקוקען וועט איהר זעהן — ווייס איך דיא וועלט זאגט אז זיא איז דיא ערשטע קראסאוויצע !

**זילבערזייד** קען איך זיא זעהן ?

**סאסיע** אזוי גיך ? זיא דארף מען האבען א זכיה צו זעהן, זיא ווייזט זיך ניט אויף דער ליכטיגער וועלט — מיינט איהר ? לאז זיא גאר איינמאל געהן אויף דער גאס לויפען איהר נאך אללע קריסטען און אללע אפפעצירען, מ'קען זיך דען אויסדרעהען פון זייא — חלעבען דערפאר לאז איך זיא אליין ניט געהן, שטענדיג געהט זיא נאר מיט מיר — ווייל פערשטעהט איהר, ס'איז היינט געווארין א וועלט — אוי א וועלט, אט איהר געהערט א שיין מיידעל דארף מען גאר היטען ניט איין דערשרעק האב איך געהאט מיט איהר מ'האט זיא געוואלט ארויסגנבנין.

**זילבערזייד** וואס גנבנין ?

**סאסיע** יאה גנבנין גנבנין, האט זיך צוגעטשעפּיט איינער. דער שווארץ יאהר ווייסט איהם א גרעק א רייכער, און זאגט ווילסטו שיט איך דיר אן פאר איהר אט דיא שטוב מיט געלד ! אלא ניט היט זיא וואלטן איך וועל זיא ארויסגנבנין.

**זילבערזייד** איך פערשטעהם ניט וואס הייסט גנבנין ? ס'איז עפּיס הפקר א וועלט ?

**סאסיע** הלוואי זאלל זיך'ס ניט טרעפען וואס ס'קען זיך (זיא קוקט זיך אום) שאט שאט !

**זילבערזייד** וואס איז ?

**סאסיע** אט געהט זיא.

## פירטע סצענע

(חאנצי גינעריל קוממט אריין סאסיע און זילבערזייד הייבען זיך אויף פין דיא פלעצע)

**סאסיע** אוודאי אוודאי זעהט איהר א דאס איז מיין שוועסטעריל.

**זילבערזייד** (נעהמט ביא איהר דיא האנד און נייגט זיך העפליך) עס פרייט מיך איהרע קאנטשאפט.

**סאסיע** נא מיינע ליבע קינדערליך זיצט אייך דא אביסעלע פלוידערט אייך אביסעל, און איך מוז געהן — איהר זענט יונגע לייט, און מיר זענין שוין חלעבען עלטערע אונז איז שוין דער קאפ פערשלאגען מיט אנדערע

זאכען מען דארף בעל הבית'טען אין שטוב זיצט אייך דא איך קום באלד! (זיא לאזט זיך אוועקנעהן אונ לעבען דער טהיר טוהט זיא ארויף) חאנצי גינענדעניא מיין לעבען! אויף איין מינוט (חאנציע גינענדעל נעהט צו צו-נ-איהר).

**סאסיע** (איהר אין אויער) פערגעס נאר ניט וויא דוא ביסט אין דער וועלט נוגים פאר מיט איהם וויא אזוי צו ריידען דער עיקר וואס ווענינער רייד'ען! (זיא נעהט ארויס אונ קוקט זיך אונטער דורך דער טהיר).

## פינפטע סצענע

(זילבערזייד אונ חאנצי גינענדעל נעהמען שטילען אונ זעצין זיך איינם לעבען'ם אנדערען)

**זילבערזייד** (אויף דער זייט) איך ווייס? זאלל מיך אזוי וויסען בייז וויא איך ווייס פון וואסער א שפראכע מיט איהר אנצוהייבען רעדען טא לאמיר פריווען (צו חאנציע גינענדלין הויך) עקאמאן וא פארטעי מאבאמאזעלז!

**חאנצי גינענדיל** (מהוט א שמייכעל) הם! הם! איהר פרענגט צו בין איך נאך א מאמזעל יאה! גלייבט מיר מ'האט מיר שוין איבערגעריסען שדוכים אן א עק. דיא שדכנים שלאגען אפ די טהירין ביא מיין שוועסטער איינער האט מיך ניוואלט נעהמען אזוי וויא איך שטעה אונ געה, ער האט מיך געוואלט בעקליידען פון קאפ ביז פוס—וואראן ער אליין איז זעהר רייך אונ ביא מיר וויל ער ניט איין פיטאק אבי דיא שוועסטער זאלל נאר ארויסזאגען יאה—נאר איך האב זיך בעטראכט וואס האב איך זיך דא צו איילען, קינדערליך זענין מיר בעפאללען, צו איך בין דא שוין אזא-נ-אלטע מויד ערשט היינטיגען זומער איז מיר געווארען 16 יאהר (זיא טראכט) 7 אונ 9 אונ 9 איז 15.

**זילבערזייד** (דיא גאנצע צייט פערוואונדערט—ביא דער זייט) נא נא א נגם מיין פראנצעזיש לאמיר פריווען ווייטער (הויך) האבען זיא גיכט איין באנדכען שאפיר?

**חאנציע גינענדעל** וואס טויג אייך א שאפירען באנדעלע אוודאי אויף א האלז טיכעל? ווייס איך היינט איז דער קאליר שוין ארויס פון דער מאדע היינט טראגט מען גאוואנא אדער בישמארק, איך האב ערשט ניט לאנג א יונגעמאנן געשייגקט אזוינס! ווילט איהר? קענן איך אייך אויך שיינקען.

**זילבערזייד** (נאך שטוינענר—ביא זייט) וואס איז דאס? נא לאם איך פריווען נאך דאס (הויך) ע- טשטא סלישנאה זדיעס נא משאס וויליואציי?



**חאנצי גינענדיל** דעם סטשטאט אקאראט פון דיא ציבילים? קען איך אייך ניט זאגען, ווייל פערשטעהט איהר אמאל מאכט זיך אז ס'נעהט מעהר אוועק, אונ אמאל ווענינער, מן הסתם נעהט מעהר אוועק איך דאס ליעב דאס איז מיין בעסט עסען נאר מיט אסך שמאלץ, וואס האט איהר בעססער ליעב צו מיליכדיגע צו פליישיגע וואַרניטשקעס?

**זילבערזייד** (פערטראגען ביא זייט) נא נא ס'מיר גוט איך האב זיך גוט דערפרייגט?

**חאנציע גינענדעל** וואס האט איהר אייך פערטראכט איך פרעג זיך אייך עפים?

**זילבערזייד** (וויא צו דילט) וואס איז?

**חאנציע גינענדעל** איך האב זיך אייך געפרעגט וואס האט איהר בעסער ליעב צו פליישיגע צו מיליכדיגע וואַרניטשקעס?

**זילבערזייד** פארדאהן פון דיא ביידע האב איך בעסער ליעב א חכם.

**חאנציע גינענדעל** (צו לאכט זיך מיטן פיללען מויל) חו חו חו חו חו חו נא דיר אזא נערעדט, איך פרעג איהם דאס ענטווערט ער מיר דאס, אז זענט איהר א שלימזל.

**זילבערזייד** איך דאנק אייך פאר'ן קאמפלימענט.

**חאנצי גינענדעל** נישטא פאר וואס!

**סאסיע** (וואס האט ביז אהער געקוקט אללע מאל דורך דער שפארינע פון דער טהיר לויפט דורך) נישט קשה נישט קשה זיצט זיצט (זיא נעהט אוועק אין רעט אנדערער זייט)

**זילבערזייד** וואס טויג מיר בעססער מ'זאגט אז איהר זענט שיין!

**חאנציע גינענדעל** וואס הייסט איהר זענט ערשט ניט לאנג געקומען אונ מ'האט אייך שוין געזאגט, ווער האט'ש אייך חאטש געזאגט אוודאי דער גרעק, ע דאס איז עפים אזא פאסקאדניאק ווען איך געה דורך איהם דורך טשעפיט ער מיך, דא קויפט ער מיר קאנפעקטין דא דאס דא יענץ ער איז אפילו נישט קיין שלעכטער אונ נישט קיין ארומער נאר איך האב מורא פאר איהם ער האט געזאגט אז ער וויל מיך ארויסנעבנין?

**זילבערזייד** פארדאהן ארויסנעבנין? וואס איז דאס שטייטש וויא אזוי גנב'ט מען א מענשין?

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** וואָס הַייסְט וִויא אַזוֹי גַנְבְעט מֶען אַ מֶענְשׁ, וִויא אַזוֹי גַנְבְעט מֶען אַ מַאנְטֶעל אָדֶער אַ סַאמָאוואַר אָדֶער אַ פֶערְד אָדֶער אַ הִינְדִיק ?

**זִילְבֶּערְזַייד** פַארְדָאן יָאה אַ פֶערְד אִיז אַ פֶערְד אָבֶּער אַ מֶענְשׁ וִויא לָאזְט זִיךְ גַנְבְנִין עֶר קֶען זִיךְ שְׁרַייעֶן.

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** גוּט אִיז צוּ שְׁרַייעֶן. אַז עֶר זָאגְט מִיר צוּ אַז עֶר וֶועט מִיךְ נֶעהמֶען אִין זַיין אֵייגֶען הוֹיז אוּנ וֶועט מִיר מַאכֶען דִיא שֶׁענְסְטֶע קְלַייְדֶער אוּנ אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְפָאהרֶען וִויא דִיא שֶׁענְסְטֶע שְׂרָרהטֶע.

**זִילְבֶּערְזַייד** נָא אִיז דָאךְ גוּט – דָאס מַיידֶעל וואָס לָאזְט זִיךְ גַנְבְנִין אִיז דָאךְ וִויא אַ פֶערְד צוּ וִויא אַ הִינְדִיק–נָא אוּנ וואָס מַאכְט דָא אוֹיס בַּיים פֶערְד צוּ שְׁטֶעהְט עֶס בַּיים בַּעַל הַבַּיִת צוּ בַּיים גַנָב אִין שְׁטַאלל ? – אִיךְ מֵיינְם ? וואָס אַרְט אַייךְ אַזוֹי ?

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** יָאה עֶר ווִילל אָבֶּער אִיךְ זָאלל זִיךְ.....

**זִילְבֶּערְזַייד** נָא וואָס זְשֶׁע אִיז ?

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** אַוודָאי יָאה אוּנ דִיא מַאמֶע וואָס וֶועט זָאגֶען אוּנ דִיא שְׁוֶועסְטֶער ? אִיהר מֵיינְט וואָס אִיךְ שְׁרַייא. מַאמֶע אִיךְ וֶועל זִיךְ . . . . מַיין אִיךְ אוֹיף קַאטָאוִוים וַוייל זִיא דֶערְקוּטְשֶׁעט מִיר אַמָאל, זִיא נֶעהמְט בַּייא מִיר צוּ דִיא שְׁטִיוֶועלִיךְ אוּנ לָאזְט מִיךְ נִיט גֶעהן שְׁפַּאצִירֶען אָבֶּער וַוייטֶער. . . . .

**זִילְבֶּערְזַייד** פַארְדָאהן ! וואָס הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעוואָלְט עֶפִּיס פְרֶעגֶען ! –

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** פֶע פַארְדָאן ! פַארְדָאן ! וואָס פַארְדָאנְט אִיהר מִיר דָא הַא ? אִיךְ הָאבּ גָאר קֵיין אַנְדֶער נָאמֶען נִיט ? –

**זִילְבֶּערְזַייד** (מיט א שמייכעל) יָאה ! יָאה ! אִיךְ הָאבּ אַייךְ טַאקִי גֶעוואָלְט פְרֶעגֶען–וִויא רוּפְט מֶען אַייךְ ? –

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** אַז מֶען דַארְף מִיךְ הָאבֶּען רוּפְט מֶען מִיךְ מַאמְזֶעל זַייט זְשֶׁע מוֹחֵל !

**זִילְבֶּערְזַייד** סְ׳הַייסְט בַּיים נָאמֶען. –

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל**—וואָס הַייסְט בַּיים נָאמֶען, אִיךְ הָאבּ צְוַוייא נֶעמֶען, אִין יוּדֶעשֶׁען הַיים אִיךְ חַאנְצִיע גֶענֶענְדֶעלֶע אוּנ אוֹיף דַייטְשׁ הַיים אִיךְ מַאשֶׁע ?



**זִילְבֶּערְזַייד** (מיט א שמייכעל) וואָס הַייסְט ? וִויא אַזוֹי קוּמְט אַייךְ דָא אוֹיס מַאשֶׁע גָאר ?

**חַאנְצִיע גִינֶענְדֶעל**—אִיךְ וַויים ? אִיךְ הָאבּ גֶעלַיינְט אַייעֶרֶע רוֹמַאנְשֶׁע בִּיכְלֶעךְ ז׳, מִן הַסְתָּם שְׁרַייבְּט זִיךְ דָארְט אַזוֹי–נָא אוּנ וִויא הַייסְט אִיהר ?

**זִילְבֶּערְזַייד** אִיךְ ? אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דֶערְפַאר אַ סַךְ נֶעמֶען : אִין יוּדֶעשֶׁען הַיים אִיךְ יִצְחָק אוּנ אִין דַייטְשֶׁען יַזַאאַק אוּנ טִירְקִישֶׁען יַזַאאַק אוּנ אִין עֶנְגְלִישֶׁען יִזַאאַק אוּנ אוֹיף גוֹיעֶשֶׁען הַיים אִיךְ. . . הַיים אִיךְ . . . . . .

**חַאנְצִיע גִינֶענְדֶעל** וואָס ? וואָס ?

**זִילְבֶּערְזַייד** (ערנסט) גְרִינְדָאהלַיעִי פְלֶענְדְרָאוִויטְשׁ !–

**חַאנְצִיע גִינֶענְדֶעל** (צו לאכט זיך) חַ ! הַ ! חַ ! נַא דִיר גָאר פְלֶעדֶערְנוִויש אַי זֶענְט אִיהר אַ שְׁלִימַזָל.

**זִילְבֶּערְזַייד**— אִיךְ דַאנְק אַייךְ פַאר׳ן קָאמְפְּלִימֶענְט.

**חַאנְצִיע גִינֶענְדֶעל** נִישְׁטָא פַאר וואָס.—

**זִילְבֶּערְזַייד** זֶעהר רֶעכְט–וואָס הָאבּ אִיךְ אַייךְ עֶפִּיס גֶעוואָלְט זָאגֶען–יָאה ! אֵיידֶער דֶער גְרֶעק וֶועט אַייךְ אַרוֹיס גַנְבְנִין טָאמִיר וואָלְטֶען מִיר זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט ?

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** וואָס הַייסְט ?

**זִילְבֶּערְזַייד** וואָס הַייסְט אִיהר וַוייסְט נִיט וִויא גוּטֶע פְרַיינְד גֶעזֶעגֶענֶען זִיךְ מ׳צִיקוּשְׁט זִיךְ !

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** אִיךְ וַויים נִיט וואָס קוּמְט אַייךְ אַרוֹיס אַז אִיהר נִיט אַ קוּשׁ.

**זִילְבֶּערְזַייד** וואָס הַייסְט ? אַז אִיךְ גִיבּ אַייךְ אֵיינֶעם קוּמְט מִיר פוּן אַייךְ אַרוֹיס צְוַוייא.

**חַאנְצִי גִינֶענְדֶעל** (קוקט איהם אין פנים) אַי זֶענְט אִיהר אַ גַנָב ! לָאמִיר זִיךְ קוּקֶען גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגֶען וֶועלִין מִיר זֶעהן וֶוער סְ׳וֶועט לַאכֶען (זיא קוקט איהם אין דיא אויגען אונ לאזט ארויס א געלעכטער) חַ, חַ, חַ, אִיהר הָאט פְרִיר גֶעלַאכְט אִיהר הָאט פְרִיר עֶ, עֶ ?

**זִילְבֶּערְזַייד** וואָס טוֹיג מִיר מִכֹּחַ דֶעם גֶעזֶעגֶענֶען וואָרְעֶן אִיךְ פַאר בַּאלְד.

**חאנצי גינענדעל** וואהין ?

**זילבערזייד** ס'רעט זיך אזוי – פאהרען וועל איך פאהרען שפעטער נאר דער־וועיל לאמיר זיך געזעגענען.

**חאנצי גינענדעל** (שעהמט זיך) ע דיא שוועסטער האט מיר געזאגט אז מען טאר זיך ניט לאזען א קוש טהון פון א יונגען פאנן סיידען אז ער איז שוין מיין חתן (זיא א הייב אויף דיא אויגען, צו־נ־איהם) איאה מיר זענין ביידע אויף איין קריינק איהר דארפט א כלה אונ איך א חתן

**זילבערזייד** הם ! נא שטעלט אייך פאר אז איך בין אייער חתן !

**חאנצי גינענדעל** (הייבט אויף דיא האנד צו זיין מויל) נא אויב אזוי, (ער וויל זיא נעמען א קוש טהון קומט אריין איספאנסקי חאנצי גינענדעל פערשעהמט זיך אונ לויפט אוועק).

## זעקסטע סצענע

**איספאנסקי** גישט קשה נישט קשה ס'איז אהן סכנה מיר זענין הייםישע מענשען.

**זילבערזייד** (קוקט איהר אלץ נאך) פ־ס־ס חה חה חה איך בעט אייך ניט מיר צו ערקלערען וואס איז דאס פאר א מין חיה? איך ווייס ? איך האב זיך פארגעשטעלט אז דאס איז איינע געבילדעטסטע, איך הייב אן צו ריידען מיט איהר–איין אות–היינט איז דאס א דוראק אז איך זאג אייך ס'איז מיר א וואונדער אז אין היינטיגער צייט אונ אין אזא שטאדט זאלל זיך נאך געפינגען אזא מויד–זיא האט מיר שוין אנגעפלודערט אפילען קאפ, חאטש איך פרעג זיא גאר ניט–האט זיא מיר שוין דערצעהלט וואס בייא איהר אונטער דער צונג אונ אונטער דעם לונג–גאר ניט זיא איז שוין פארטיג !

**איספאנסקי** ע ס'איז א סחורה מילא וואס האט איהר דא בעסערם צו ער־ווארטען פון א מויד וואס זיא שטעהט שטענדיג אין שיינק אונ האט קיינמאל ניט קיין אומגאנג מיט קיין רעכטע מענשען.

**זילבערזייד** יאה ווערליג דיא מומע האט זיא מיר דא פארגעשטעלט האב איך אויך געמיינט ס'איז עפים, היינט וויאהין בין איך דא אריין געפאלען ס'פאסט גאר ניט פאר מיר – מיר טהוט גאר באנק וואס איך האב גאר פערפיהרט מיט איהר א שמיעס–איין עק מעהר קוק איך זיא שוין ניט אן;

**איספאנסקי**–אי שלעכט ! שלעכט ! איך האב זיך אייך שוין דערצעהלט וואס דא טהוט זיך–אז גאטט האט אייך דא צוגעשיקט אהער



אין דער צייט וויא א מלאך איהר נוצט אונז אצונד וויא אין לעבען–איהר ווייסט זיך שוין דיא גישיכטע מיט אייער געשוועסטערקינד, וויא אזוי זיא האט געליטען פון איהר טומען, אונ וויא אזוי גאטט האט איהר געהאלפען זיא איז א כלה געווארען אונ וויא אזוי דיא מומע האט געפילדערט–מילא מיט מויט ס'איז אונז אפילו אנגעקומען שווערליך נאר פערפאלען דיא תנאים זענין שוין געוועזען–אצונד שטעהט אונז פאר נאך א שווערערע זאך : דיא חתונה מוז מען מאכען–אונ דא מוז מען אין גאנצין צו־נ־איהר אנקומען, קליידער חתונה הוצאות גדן, שטעלט אייך פאר אז בייא דיא תנאים איז געוועזען אזא געוואלד וואס וועט זיין אז מ'וועט איהר ארויסרעדען דיא חתונה ? אונ אצונד איז א סברא אז זיא וועט מאכען דיא חתונה גאר אן געפילדערן, פארקערט מען קען נאך אזוי ווייט בריינגען אז זיא אליין וועט נאך זיין צופרידען אונ וועט צו שרייבען דיא חתונה זאלל זיין – דאס אלדינג איז נאר געווענדט אין אייך דערפאר זאג איך אייך אז גאטט האט אייך דא צוגעשיקט וויא א מלאך–נאר איהר מוזט זיך סאגלאסין אין איין זאך וועט שוין זיין רעכט–איהר ווייסט אז דיא מומע וויל איהר זאללט נעמען איהר שוועסטער ?

**זילבערזייד** (דערשראקען) וועמען אט דעם קלאץ ?

**איספאנסקי** געהט שוין געהט, איך פערשטעה דען ניט אז זיא פאסט ניט פאר אייך ?! איהר וועט זיא הערען וויא דעם קאטער–נאר דא מוזט איהר חאטש שפילען אזוי דיא ראלע אז איהר זענט אין איהר פער־ליעבט לאז דיא מומע מיינען.

**זילבערזייד** (חאפט זיך אוועק) מילא אז איך קען זיא אבער ניט אנקוקען איך זיך ניט מאסקירען.

**איספאנסקי** מילא א תירוץ דא וויא עם שטעהט א נפש צו ראטעווען, אונ מוז מען זיך אביסיל מאסקירען וואס זשע איז בפרט ס'איז דאך אייער פריינדיל פאלנט זשע מיך מאכט איהר קלאמערשט אז איהר זענט אין איהר פערליעבט סכנות נפשות–אונ דיא מומע וועט שוין נאכקוקען – זיא האט שוין אדא ניט לאנג מיט מיר גערעט, אונ פרעגט מיך אלץ וואס הערט זיך ? וואס זאגט ער אויף איהר ? אצונד האט זיא מיך געשיקט צו־נ־אייך איך זאלל בייא אייך געוואויר ווערען וויא האלט דיא זאך וועל איך איהר שוין זאגען, אז איהר זענט צו פרידען;! נאר איהר ווילט ניט אנדערש נאר אז אייערע תנאים זאללען זיין איז איינעם מיט חינקעם חתונה – אז ס'וועט זיין

ביא הינקען דיא חתונה וועט מען שוין אין איינעם אפקלאפען דיא תנאים
אויף-איך ווייס אז זיא וועט זיך אנחאפען מיט ביידע הענד און וועט הייסען
שטעללען א חופה-נא און דענסטמאל וועט איהר ארויס שטעללען 10 פיינגער
זילבערזייד יאה וואס פאר א פנים וועלל איך האבען אז אויף דער חתונה
וועל איך דארפין זאגען ניין.
איספאנסקי.ע ביז דענקסטמאל וועללען מיר שוין עפים אויסקלערען-סיוועט
זיין רעכט-איך נעהם אייך ארויס דערפון.
זילבערזייד נא נא גוט.

## זיעבעטע סצענע

סאסיע שיין שיין, א דאס זעננען מאנזבלען, מ'זאגט זיך אז ווייבער האבען
אין זיך 9 מאס רייד, צום סוף איז גראד פערקעהרט, אז מאנזבלען
זעצען זיך אנידער באלאקען ווייסען זייא יאה ניט ווען אויפצוהערן (צו זילבערזייך)
נעהט שוין נעהט טרינקען טהעע זיא איז שוין קאלט געווארען-הערט איהר
מיין ליבער גאסט ? איהר ווייסט אז איך האב אויף אייך פאראיבעל אויף
איהר האט ניט אפגעטהון עפים א כשוף מיין שוועסטעריל, זיא וויל שוין
קיין טהעע ניט טרינקען אן אייך נעהט שוין נעהט (צו איספאנסקען) און איהר
קוממט איך האב מיט אייך עפים צו רעדען (זיא מיט איספאנסקען גהען אוועק).

## אכטע סצענע

זילבערזייד (אלליין) א כשוף האב איך איהר אפגעטוהן, יאה אפשר דער
גרעק וואס ער ווילל זיא ארויסגנבנען-ווארט ווארט מיר וועללען
דיר ווייזען הינטעשע טומע וויא נוקם צו זיין זיך אין איין עלענד קינד, וויא
צו זיין א שלאק-און דער פעטער ? — איך פערשטעה איהם ניט אזוי קיינ
דעה ניט האבען אזוי זיך לאזען קריכען אויפ'ן קאפ ! נא ? ...

## ניינטע סצענע

דאריע (לאזט זיך אריין גהען פאוואליע) איציע וואס געהסטו ניט טרינקען
טהעע ?



זילבערזייד (ברוגז און קוקט זיך ניט אום) געה געה פיינער מענש ! איך האב
זיך גאר פון דיר ניט גערעכנט אזוי פיעל.
דאריע וואס איז דען ?
זילבערזייד ווייז נאר דיין נאז (ער קוקט זיך צו צום פנים).
דאריע (טאפט זיך ביי דער נאז) וואס איז דענן מיין נאז ?
זילבערזייד נא און ווייז נאר דיינע אויערען (ער קוקט זיך צו צו דיא אויערען).
דאריע (טאפט זיך ביי דיא אויערען) וואס איז דען מיינע אויערען ? ביסט שוין
דען א דאקטאר ?
זילבערזייד יאה דיא דאקטוירישע ביכער שרייבען, אז א ווייב רייסט און
פיהרט דעם מאן ביי דער נאז, דארפען איהם אנדערע אוועק-
שלעפען פאר דיא אויערען אויב ער וויל דיא נאז זאלל איהם בלייבען גאנץ...
דאריע לעת עתה ביסטו נאך ניט קיין דאקטאר און פאר מיין נאז
האב קיין מורא ניט. ווארט ווארט וועסט חתונה האבען וועסטו
וויסען וויא טהייער א נאז גילט וועסט שוין וויסען וויא יענעם צו שטראפין!
זילבערזייד וואס דערצעהלסטו מיר חתונה האבען-און אז איך האב ניט
חתונה געהאט ווייס איך דען ניט וויא אזוי מ'דארף זיך פיהרען
מיט א ווייב, און אויף וויפיעל מען דארף איהר געבען פראווע וויא זיא זאלל
האנדלין מיט'ן מאנן ? פערשטעהט זיך מיט איהר דארף מען זיך אויך זעהר
גוט בעגעהן מען דארף זיא נישט קריינקען חלילה קיין שלעכט ווארט רעדען
אבער דאס דארף מען אויך ניט דערלאזען אז זיא זאלל קריכען אויפ'ן
קאפ, און מ'זאלל אזוי טאנצען נאך איהר דודקע — איך פרעג דיך נאר איין
קשיא, אז זיא שעלט דיך אזוי און מאכט דיך מיט דער בלאטע, וועסטו מיר
איינרעדען אז זיא האט דיך ליעב. נא און אז זיא האט דיך ניט ליעב וואס
טויג זיא דיר, וואס זשע פאזוואליעסטו איהר אזוי צו טאנצען אפדרעהען דיך
דעם קאפ און נאכגעבען איהר אלדינג, עס וואס גראב איז גראב — דאריע !
איך ווייס פון אלדינג.....
דאריע זיא איז שוין מאהל דיר היינט ניט אזוי-און וואס קען מען טהון
מיט א ווייב אז זיא שעלט ? שטעללען זיך שלאגען מיט איהר, קרי-
גען זיך מיט איהר ? ווארט ווארט איך זאג זיך דיר וועסט וויסען האב
צייט ! — היינט מוזטו וויסען האט זיא חאטש איין מעלה זיא איז נישט
קיין נאר.

**זילבערווייד**—פערשטעהט זיך זיא איז שוין נישט קיין נאר מיט רעם; וואס זיא פיהרט דיך ביא דער נאז—פערבלייבט נאר אזוי אז דוא ביסט דער נאר אונ זיא די פערזאוקא !...

**דאריע** פון דעסטוועגען קומט זיא נישט צו זידלען, דערווייל איז זיא נאך מיין ווייב.

**זילבערווייד** (הייבט זיך אויף) נא נא, עלטער זשע זיך מיט איהר מיט לאנגע יאהרען איך פערגין דיר מיטען גאנצען הארצען—נא קיין עקולות וועללען מיר ניט דערלאזען אז ס'זאלל צוגעהן—דוא קענסט מיך נאך נישט—אונ מאך א שווייג (ער געהט אוועק אונ טהוט א שמיס מיט דער טהיר).

## צעהנטע סצענע.

**סאסיע** (קוממט אריין אין דער אנדערער טהיר מיט א ליבליך שמייכעל) וואס איז עפּיס דארעניא וואס זיצטו מיר עפּיס אליין, עפּיס ביסטו מיר פּעה פערטראגען עפּיס אומעדיג.

**דאריע** (קריגט זיך איהר נאך) וואס איז עפּיס סאסאניא ? וואס איז עפּיס היינט מעהר וויא תמיד, וואס פערגעסטו זיך'ס אזוי אן אויף מיר ?

**סאסיע** וואס הייסט ? פעלט דיר אביסעל—איך טאר זיך שוין ניט אנקוקען, וואס הייסט דאכט זיך אז איך בין דיין ווייב—.

**דאריע**—אה יאה יאה איך ווייס אז דוא ביסט מיין ווייב, הלוואי וואלט איך נאר לאמיר בעסער שווייגען.

**סאסיע** זעהסטו אז דוא רעדסט שוין נארישקייטען האב איך זיך שוין פיינד—וואס הייסט וויא איך פערשטעה האלטסטו מיך עפּיס פאר א שלעכטע—נא ? דוא זאלסט'ס זאגען, דוא מיין מאן ווענן דוא אלליין זאללסט ניט צוזעהן מיט דיינע אייגענע אויגען דעם קלאפּאט וואס איך האב אזא שטוב, קיין עין הרע דארף ליגען מיר אויפ'ן קאפּ. אונ וואס בין איך נאר א שלאפּע נקבה, אומשטעהנסגעוואגט א פּליג, אז מיין הארעוועון מיין מאתי, מיין שווער הארץ אז א הונד וואלט אויסגעסען וואלט ער אויך משוגע געווא-רען—ער ואנטס בייזערען זיך—נא אז מען טהוט זיך אמאל א בייטער אט וואס פאר תענוג ? מען בייזערט זיך עפּיס אומזיסט ? דאס ווערט צו ברעכען דאס גנבעט מען אוועק, דאס נעהט לבר, נא וויא קענן מען דאס צוזעהן אונ



ס'זאלל ניט אהרען ? – אוי אוי אראס זענען די מאנען, זייא האבען נאך עפּיס צו ריידען.(זיא וויינט) טא מן הסתם איז מיר דאס באשערט פון אויבען.

**דאריע**—אראס זענען די ווייבער ! באלד וויינען זייא אז...

**סאסיע** (מיט וויינענדיג קול) וואס רען ? אז דער אייגענער מאן מאכט אזא שם פאר א שלעכטע, וואס זאללען שוין אנדערע זאגען—אונ וואס איז דא מיין שלעכטיקייט זעהט ? זיך אליין—האסט געוואללט תנאים נא דיר תנאים ווילסט אפשר ס'זאלל זיין א חתונה, גלייב מיר איך וועל נאך אליין דינגען כלי-זמר, איך וועל איהר אליין מאכען קליידער איך וועל זיא אויס-רעכטען מיט אללעמען—שוין וואס נאך ווילסטו—נאך זאגסטו אז איך בין א שלעכטע ?

**דאריע** איך זאג – זאלל דער אייבערשטער היטען—ווייס איך שלעכטע מענשען האבען אויסגעטראכט אז דוא האסט ליעב נאר נאר מיר נאר וואס איז עפּיס מיט דיר געווארען, וואס ביסטו עפּיס אזוי גוט, אזוי אויפגעלעגט, אזוי פריילך ?—

**סאסיע** (מיט א שמייכעל) פאר וואס איך בין פריילך—ווייל איך בין צופרידען מיט'ן נאסט ווייסטו שוין ? ווייל איך האב איהם ליעב.—

**דאריע** נא נא כהיכי תיתי.—

**סאסיע**—ניין ניין נארעניא שרעק זיך ניט, טאקי נאר דיך האב איך ליעב ביזט פארט מיין מאנן ביז הונדערט אונ צוואנציג יאר !

**דאריע** ביז הונדערט אונ צוואנציג יאהר ? אה אזוי לאנג ס'איז צופיעל פאר מיר ! איך האב גאר ניט אזא נאז.

**סאסיע** נארעניא וואס איז ? ביא גאטט איז אלדינג מעגלעך אבי מיט דיר.

**דאריע** איך פערשטעה.דוא דארפסט מיך גאנץ געניטיג האבען זאללסט האבען ווערמען א נאז אפצודרעהען.

**סאסיע** נא ? איך בין מיט איהם אדרבא ואדרבא אונ ער איז מיט מיר. קידער ווידער האט זעהסטו דוא זאגסט אז איך בין די שלעכטע—הער נאר אויס לאז מיינס איבערגעהן, איך האב זיך פיינד צו קריגען. (ווי שווייגען ביידע).

**סאסיע** (נאך עטליכע מינוט שווייגען) דאריע ?

**דאריע** וואס זשע איז ?

**סאסיע** גאר ניט—

**דאדיע** נא איז נישט. (ווייא שווייגען).

**סאסיע** דאדיע ?

**דאדיע** נא וואס איז ?

**סאסיע** גאר ניט.

**דאדיע** נא איז נישט.

**סאסיע** הערסטו דאדיע איך האב דיך עפיס געוואלט פרעגען, נאר זאג מיר צו אז דוא וועסט זיך ניט בייזערין אויף מיר.

**דאדיע** ס'הייסט תמיד בייזער איך זיך אונ הײנט ווייטער—אונ צווייטענס תמיד פרעגסטו מיך אונ הײנט ווייטער אז דוא דארפסט עפיס טהון.

**סאסיע**—יאה וויל הײנט געהער זיך'ס אן מיט דיר אויך—

**דאדיע** נא נא מיר וועללען הערען.

**סאסיע** דאדיע ? ווייסטו וואס מיר איז אנגעפאללען ? אז דיין פלימעניק זאלל נעמען חאנצע גענענדעל. —

**דאדיע** נא דיר איין איינפאלל—יענער קוקט ארויס אויף א געבילדעטער, זיא זאלל קענען שפראך אונ שפילען פיאנע—אונ צווייטענס ער דארף פריהער ענדיגען דאס שטודירען ווייס איך וואס דיר פאללט איין.

**סאסיע** זעהסטו, דוא זאגסט'ס קריגען זיך—פאר וואס זאלל מען זיך גוט בייזערען, אז וואס ביא דער גאנצער וועלט איז רעכט איז ביא דיך קרום דיא אללע זאכען וואס דוא רעכענסט אויס זענען בלאטע. דוא זאג נאר צו בעשטעהסטו דעראויף ? —

**דאדיע** וואס האב איך צו באשטעהען ? מען דארף זיך פריהער איהם פרעגען צו וויל ער.

**סאסיע** דאס זאלל אונז שוין זיין דיא לעצטע דאגה, נאראניא ער שטאהט נאך איהר טריט ! —

**דאדיע** גוט נאראניא ער נארט דיך, וואס ארט איהם ער זעהט א מיידעל.

**סאסיע** נא נא ביא דיר איז דאך אלץ איין איבערגעקעהרטער. סוח—אט א פנים דוא ווייסט עפיס וואס מיט דיר טהוט זיך ? פרעג מיך !—נא דאדיע וואס זאגסטו ? —

**דאדיע** ווייס איך ? ווערליג מיין קליינער מוח פערשטעהט איז דאס קרום אונ ווייטער וויא דוא ווילסט דיר, איך וועל דיר קיין דעה ניט זאגען ווייס איך נאך מיין דעה נאך איז אנדערש עס וואלט א סך גלייכער געווען



אז זיא זאלל נעהמען דעם ליטוואק דעם זיינגערמאכר אדער וואלף שניידער'ס זוהן וואס האט זיין איינענע קלייט—דיא זענען פראסטע מענשען פערדיענסטע פאר זייא פאסט אזא ווייב אזא פראסטע, אזוינער וועט איהר קענען געבען ברויט אונ זיא וועט קענען גליקליך לעבען פאר אזוינעם;— וואס טויג דיר קרייכען ווייט אונ איינרעדען זיך פיסטע חלומות,

**סאסיע** (חאפט זיא אויף מיט רציחה) א וואס מיר האט זיך געחלומט דיא נאכט אונ יענע נאכט, זאלל אויסגעהן צו דיין קאפ, צו דיינע הענד אונ צו דיין לייב אונ לעבען ! זאלל זיך צו דיר צוקלייבען ! קוילער מיינער מלאך המות מיינער ! — האט איהר געהערט וואס א הונד קען ! א שניידער־יונג נ־נ־נשניידען זאלל דיך ביים בויך אונ ביא דיא קישקעס, לעבעדיגער פאטער ! —

**דאדיע** הא ! הא ! דוא הייבסט שוין אן—נא טוה דיר וויא דוא ווילסט אונ...

**סאסיע** וואס טהון, וואס רעדסטו טהון ? וואס מיר טהון ? איך זאלל טהון אונ דער נאך זאללסטו מיר האבען דעם קאפ אפצודרעהן אונ אויס ווארפען מיר ; יבאשר דוא ביסט שולדיג, ס'איז דיין דעה געוועזען ! דוא האסט'ס אנגעמאכט ! מאכען זאלל זיך דיר א מכה אויף א רעכט ארט בחתנות'דיגער טאטע !

**דאדיע** אט שלאגט אייך קאפ אין דער וואנד ! אונ. . . (ער הייבט זיך אויף אוועק געהען).

**סאסיע** (שפרינגט איהם ענטגעגען אונ פערשטעלט איהם דעם וועג אונ טיטשעט מיט דער האנד אין פנים) וואס שלאגט אייך, נאר ! איינשלאגען זאלל דיך א דונגער רבש'ע ! נאר פון מיינעטוועגען לאז חאנציע גינענדעל פארזיצען ארט מיך אויך ניט, האב קיין מורא ניט, דאדיע ! ס'וועט אויסגעהען צו דיין קאפ, הערסטו ס'וועט אויסגעהן צו דיין לייב אונ לעבען, זיא וועט האבען צו וויינען נאך דיין קאפ, אז דוא האסט זיא אומגליקליך געמאכט, הערסטו דוא ביסט געווען איהר מלאך המות, דאדיע ! איך וועלל דיר ווייזען ווער עלטער איז (ער רייסט זיך אויס פון איהר אונ ריקט זיך ארויס) גאה געה אפילו אין דער ערד ער מיינט איין אמת ער האט ביא מיר א וואזשנע דעה א נאר בין איך געוועזען אז איך האב איהם נאר געפרעגט, געטהון איז געטהון—אוי ס'זאלל דארפען זייא הערען, זייא הערען אט דיא וויסטע מאנען—וואלט שוין לאנג גראז געוואקסען אויף אונז. . .

# פירטער אקט

## (אין צוויא וואכען ארום)

### ערשטע סצענע

(א ראבאטשע בייא א זייגערמאכער צוויא צועלים זיצען אונ ארבייטען שמואל ביוא איין טיש אונ פייטיל דוד ביים אנדערען טיש אונ איז פערטיפט אין הער ארבייט. שמואל הייבט זיך אויף פינ'ם ווערקסטאט נעהמט א ריידיל אין דער האנד פיצט אונ זינגט).

1

הנאה האב איך מיר פון מיין ברויט,
ווער ס'וויל לאכען פון מיר מייג ער,
מיר האכט — אז יעדען אין איין נויט,
דינט ניט שלעכט דער זייגער. (ער פיצט דאס ריידיל)

2

דער דאקטער טרייסט דעם קראנקען נאר:
ווען אויפשטעהן פינ'ם געלעגער;
ווען דוא ווערסט נאר נעמען דיין מיקסטור,
פונקטליך נאך'ן זייגער. —

3

נאך דיינע געשעפטען לויף ארוים,
דוא סוחר גיך וויא א יעגער:
שטעה אויף מפרנס זיין דיין הויז:
וועקט איהם פאר טאג זיין זייגער.

4

דארט שפאצירט זיך איינע, אונ ציילט דיא טרים.
זיא ערווארט יעמאנדען, אויפ'ן שטיינער. . . .
דיין הארץ, אט קומט ער דיא מינוט:
טרייסט זיא אזוי איהר זייגער.



5.

איינער פאסט אוועק א גאנצען צייט לעבט
ביז אהער צעהן מאל עססען פלייג ער;
מיט בלאסע ליפען טויט וויא א מת
פרעגט ער: וויא האלט דער זייגער?

6.

מיט מיין מלאכה מאכט מען מיר ניט רויט מיין בלוט
דער ס'וויל לאכען פון מיר מייג ער:
א זייגער שאט קיין מענשען ניט
אבי דער מענש שאדט נאר ניט דעם זייגער.

7.

דארט שפילען אין קארטען יונגע לייט
איינער זיצט שוין טויט וויא א פגר,
ער פרעגט שוין ניט וויא מ'האלט דיא צייט
ווארען — בייא יענעם איז שוין זיין זייגער.

8

דארט קריכט איינער פון א שטוב ארויס
שווארץ אויסגעשמירט וויא א נעגער —
גנאס ער איז שכור מאכט מיר גראד ניט אוים
נאר — געוואלד! וויא איז זיין זייגער? . . . .

9

אזוינע מענשעלעך האב איך אויך געזעהן
וואס טאנצען נאך יענעמ'ס שטיינער,
מ'באוואהנט זיך שיין, אונ מ'קליידט זיך שיין
אונ מ'עסט — קריינק אויפ'ן זייגער. —

10

זייגער גוט'ס צום בעל חוב אין שטוב אריין,
טראגט איבער דער בירגע טרעגער. —
באלד וועט שוין אויך מיין אטשערער זיין —
קרעכצט דארט א וואנד זייגער. —

צו שפּייטינגט ער צו לויפט ער מיט א שעה,
רעגאליערט מען איהם מיט דעם צייגער. —
פערזעצט מען איהם אבער-אוי וועה ! דא,
ווערט א שעה שוין נאך דעם זייגער!...

**פייטיל דוד** הערסטו סמואלקע גוט פיין דיא לידעלע איז א גאנץ ניסט קסהרינגע ביים מיין עהרליכקייט.

**שמואל**—ס׳געפעלט דיר יאה? ווארט זשע ווארט איך האב פערגעסען נאך עפּיס.

(ער זינגט) מתנות שיקען—איז שוין פריר,
ביי א חתן כלה, א שטיינער,
א פּאר אויערינג שיקט דער חתן איהר,
און דיא כלה איהם—א זייגער. —

**פייטיל דוד** ע סמואלקע דאס האסט דוא מיך שוין געטראפען אויפ׳ן דראנזיג, דאס איז שוין מיר א סטיכווערטיל—ע ע דאה האסט דוא גראד גיסט גוט פּאפּאדיט, דיא כלה ווערט מיר פערשפּארען צו שיקען א זייגער ווייל איך בין אליין א זייגערמאכער.

**שמואל** זאג נאר מיר ווילסט טאקי אויף דער אמת׳ן א חתן ווערען? וואס טויג׳ס דיר?

**פייטיל דוד** פטור נאה—וואס ארט׳ס מיך? לאמיר זיך אביסינקע האפּיקען!

**שמואל** אי ווערסטו האבען א האפּיקען: דוא מיינסט עפּיס ס׳איז א שפּילכעל? אנא אדרבא מיר וועללען זעהען וואס ווערסטו דערנאך זאגען, אז דאס ווייב וועט דיר רייסען דיא הויט אללע מאהל א קלייד, א דאס א יענץ, אזא מין מאדע אזוינע הוצאות—און פערגעס ניט אז דוא ביסט נאר א פּראסטער בעל מלאכה, דוא פערדינסט דיר נעבוך מיט שוויים דעם גראשען אי דארף מען זיך גוט בעטראכטען איידער מ׳ווילל חתונה האבען.

**פייטיל דוד** פטור נא—נאך דארויף זאל איך האבען צו דאנקען—מלבושים וועלל איך איהר נייהען? קרחות מיט כסערע פארים! דוא פערגעסט זיך אז איך בין א ליטוואק—אז זיא וועט זיך איינגעקשנען וועל איך זיך אויך איינגעקשנען.

**שמואל** נאר ניט ביי איהם אט שפּארט ער זיך איין!



**פייטיל דוד** יוא!

**שמואל** אויב אזוי ביסטו גערעכט.

**פייטיל דוד** ע סמואלקע! סמואלקע! דוא ביסט נאך וויא סיינט א מאלאקאקסאס, דוא האסט ערשט איין מאהל חתונה געהאט, דוא פרעג ניט ביים קאנטציק פרעג ביים געסמיטענעם טוזט ווייסען אז איך האב על כל פנים שוין ב״ה מעהר מאהל חתונה געהאט, האב איך שוין צו דיא צרות׳טים א גוטע רפואה—על כל פנים דיא ערסטע ווייב איז געוועזען וואס אין לסון אסכנייז רופט מען א דונגערסלאג, טאג און נאכט פלעג זיא זיך מיט מיר האמפּערען, פרום איז זיא געוועזען, וויא פנחס בן יאר׳ים איינזעל, אויסגעדר־ווערט וויא פרעס דארע קוה וואס ער האט אין חלום געזעהן, דערצו איז דאס געוועזען א מיאוסקהייט איך זאג דיר נאר א פערזעהנים, על כל פנים זאג איך איהר—דיך איז א סכנה אין א סטוב צו האלטען, דארף דיך דיא קאץ אוועק־חאפּען, אמעהר חאפּט דיך דער רוח, דיא צווייטע ווייב איז געוועזען גבריליך פערסייט. פערסטעהסט דוא? — בין איך געפאללען אויף א גוטער המציאה. פערסטעהסט דוא אז איך בין איהר ניט-געפעללען געוועזען, זיא האט געקוקט אויף א זייט—האב איך זיך מיסב געוועזען קוק קוק, על כל פנים זיא האט זיך פערקוקט און איך האב זיך פאטעלעכען אזוי ארויסגעריקט, און בין זיך אויף א ווייליטסקי דורכגעגאן קיין סיוואסטאפּאל, און האב זיא מיר אויסגעחלופט אויף איין אנדערער, דיא דריטע ווייב איז...

**שמואל** א דאס האב איך דיר טאקי געוואלט זאגען, אז דיא כלה וואס דוא ווילסט נעהמען, האט אויך ליעב צו קוקען אויף א זייט, עפּיס דרעהט זיך דארט א סטאדענטיל אין שטוב...

**פייטיל דוד** טאה וואס איז אז ער דרעהט זיך? ער דרעהט זיך איך וועל זיך אויך דרעהען—נאר זאג נאר מיר סמואלקע, וואס איז דיא מעשה וואס דוא דערצעהלסט מיר פון איהר אלץ עולות? דא מוז עטוואס שטעקען.

**שמואל** ווייל איך אליין בין געוועזען א חתן פאר איהר, און האב אפּגעלאזט דעם שדוך, דערפאר קען איך זיא אזוי. —

**פייטיל דוד** הא הא הא טא דא ליגט דער הונד בעגראבען, מאה רייד זע אזוי—הא יעצט פערשטעה איך דיך כון-מינא וואס איז דיא פּעולה זאל איך דיך פרעגען, ווער דעם שדוך האט אפּגעלאזט-וועסטו זיך אנטדאי,

זאָגען אַז ד.ו א, וועל איך דיך פרעגען פאַר וואָס—וועסטו מיר בוודאַי זאָגען—אויף איהר עוולות און חסרונותלעך—און חסרונותלעך אויף אַ כלה האָב איך סטענדיג פיינד פריהר צו פרעגען—וואָרים, וואָלט איך טהון, וואָלט איך אויף סיין לעבען קיינמאָל ניט נעדאַרפט חתונה האָבען—קיין כלה וואָלט מיר ניסט געפעלען געווען—איך טהו אַזשיי, איך קוק אויף דער וויילע צו ס'מיר ווינאַדנע און גיב אַ קוק אויף דער צורה און הייס סטעללען אַ חופה—דערנאָך טהו איך אַ בליק און פאַלל ווען דיא סיינע צורה איז אַ סיינע צרה אויף טאַ גיב איך איהר נאָך צו דיא סיינע צוועלף שורות—און—אַ גוטען תמיד.

**שמואל**—נאַ אויב אַזוי ביסטו גערעכט, אַז ביי דיר איז גמין זיך אַזוי גרינג ווי אַ שטרוי אויפצוהייבען איז דאָך עפּיס אַנדערש (יודקע קוממט ארינן).

## צווייטע סצענע

**יודקע** (לויפט אריין מיט איילעניש) נאַ גיט אַ קוק וואָס איהר זאָגט ! ע איך האָב שוין אויף אייך פעראיבעל דער גאַנצער עולם וואַרט שוין פון דרייא שעה און איהר זענט נאָך ניטאַ ! נאַ קוממט שוין קוממט גיכער.

**פייטיל דוד** וואַרט אַ ווייליצקע, אַט וועל איך קאָנטסעניין.

**יודקע** זאָלל אייך גאָטט אָפּהיטען, איין עולם מיט מענשען וואַרטען—גיך שוין נאַ אַ מינוט איז ביי מיר טהייער.

**פייטיל דוד** לאָז מיך חאָטש גערען זיך אַרומוואַסען עפּיס זיך אָנטהון וואָס האָט זיך אויף אייך אַזוי צופלאַקערט דעם ספּאָדיק ?

**יודקע** ס'האָט מיך געשיקט אַז איך זאָלל אייך רופען דעם אויגענבליק איך בין געלאָפּען, אוי (ער סאפעט) איהר זעהט אַז, אוי, איך האָב אַזש קיין, אוי כח ניט צו רעדען (ער סאפעט און היסט) צו האָט איהר ניט אוי אַ אוי גלעזעל טהעע ? אוי (ער פערהיסט זיך)

**פייטיל דוד** ביי מיר ? וויא קוממט ? איך טרינק סטענדיג אין טשיינע. —

**יודקע** קוממט זשע וועללען מיר פריהער אַריין געהן אין טשיינע, וועללען מיר זיך אָנטרינקען מיט טהעע—אָבער אַ כלה האָט איהר : (ער לייגט דיא האנד צו צום מויל און טהוט א קוש).

**פייטיל דוד** איהר זאָגט זיך אַז איהר האָט קיין צייט ניט וואָס ווילט איהר נאָך טרינקען ?

**יודקע** ווייל אין דער צייט וואָס מיר רעדען דאָ האָבען מיר שוין פעזאַמט



דאָרט דיא טהעע, איז מיר שוין אַללעס איינס ! נאַ קוממט ! קוממט ! אַדאָס איז אַ חאַלאַסטוי : קום צו—נ—איהם צוגעהען איז נישטאָ אפילו וואָס צו צובייסען, אַז ס'האָט אָבער אַ בעל הביתטע איז חאָטש עפּיס דאָ אין שטוב, אַזוי נעה ביים אַ וואַנד זייגער !—

**פייטיל דוד** וואָלט איהר אָבער זעהן וויא פון אַ וואַנד זייגער ווערט דאָס אַ גוטער מיטטאָג, אונזערע אַללע ספּייזען איז דאָך נאָר פון זייגערס : פון זייגערס האַקען מיר איין קאָטלעטין, פון אַ זייגער מאַכען מיר געבראָטענס, גוטע פּיס, אַ פּעטין קנים, אַ קוגעל, וואַרעניקים מאַכען מיר אַלס פון זייגערס.—

**יודקע** אוי רעדט נישט, דאָס הארץ איז מיר פערחלישט געוואָרען, וואָס וועט איהר מיר דאָ אַנרעדען אַ זייגער איז טאַקי אַ זייגער און אַ גוט שטיקעלע געבראָטענס איז טאַקי אוי וויא נעהם איך'ס נאָר אַצינד נאַ קוממט שוין קוממט.—

**פייטיל דוד** וואַרט נאָר אַ ווייליטשקע, איך האָב אייך וואָס געוואָלט פרעגען : ווער איז דער סטודענטיל וואָס דרעהט זיך דאָרט ביי דער כלה ?

**יודקע** ניין ס'איז זייערער אַ קרוב ער איז געקוממען צו גאַסט אויף עטליכע טעג. וואָס האָט איהר מורא ? זיא איז אייער כלה, מען וועט זיא איהם נישט געבען, איהר מיינט איין אמת ער איז אַ וואַזשנע מציאה אַז ער שטודירט אויף דאָקטאָר און לערנט דאָרט, ווייס איך, ריחמעטיקע פון דעסטוווענען לאָז מען איהם אַ חאַפּ טהון : אין וויפיעל פירטעל קענן מען אַנטהייל אַ קאַרפּ וואָס ווייגט עטליכע אָהקים ? אָדער וויפיעל ווערשקים דאַרף האָלטען אַ טאָפּ אין דער לייגנ און אין דער ברייט אַז ס'זאָלל אַריין אין איהם איין אָהקע פלייש, מיט אַ פירטעל הינדיק, אַ האַלבע גאַנז, איין אָנגעפּיללטע קישקע, מיט דרייא מאַרך ביינער און וואָס פאַר אַ מויל ס'דאַרף נאָך עפּענען דערצו ? וועט ער אונדאי ניט וויסען, זייא קענען נאָר זייערע דאָקטאָרשע זאַכען, אַז האָב איך זייא פיינד מיט זייערע מאַכלים, מעהר וועט איהר ניט הערען נאָר רעצעפּטליך, פּראָשקעליך, פּיללען, ברעך זייא, דאָס זייא, זייא זאללנ'ס אַמאָהל פערשרייבען אַ טעללער רעטיך מיט ציבעלעס, אַ שיסעל ראָסעלפלייש מיט אַ סך קאַרטאָפלים און מיט קנאָביל אונטערגעשלאָגען, אָדער אַ גוטען קוגעל מיט רינדערין שמאַלץ, און דערנאָך אַ פלאַש קוואַס—

זיין נעה האלט זייא דיעט, נעה ווארט זייא גאר אויפ'ן אפטיט ווען מיר פאלט שוין ארויס דאס הארץ. פאר הונגער אוי נא קומט שוין קומט (ער שלעפט איהם אוועק אונ נעסט עפיס אהוים פון דער קעשינע אונ נאשט).

## דריטע סצענע

**שמואל** (אליין) איך האב איהם אפילו ליעב דעם ליטוואק פאר זיין עזות פאר זיין קוראזש ס'איז בייא איהם נישטא "ניין"; צו-נ-אלדינג איז ער פעהיג אלדינג קען ער-נאר ער קען זיך אבער אויך עטליכע מאהל נמין אונ עטליכע מאהל חתונה האבען מיט דעם האלט איך נישט מיט איהם (איין אונבעקאנטע פרוי קוממט אריין פערוויקעלט מיט א שאלל).

**דיא אונבעקאנטע** היר וואהנט דודקי דער אוהרמאכער.

**שמואל** יאה: וואס ווילט איהר?

**דיא אונבעקאנטע** אה לאנג לעבען זאללען זייא, איך בין זיין שוועסטער איין אהרים מענש מיט קליינינקע קינדערלעך, אונ בייא אונז איז א יאקרים אז גאט זאלל גאר אויסהיטען, איך האב געהערט אז מיין ברודער דודקען איז דא ניט שלעכט בין איך געקוממען ער זאלל מיר עפיס בעהילפיג זיין א ווא קען איך איהם אפזוכען זייא זאללען מיר לעבען?

**שמואל** יאה. ס'געהט איהם ניט שלעכט, אט ווערט ער גאר באלד נתעשר ווערין ער נעמט א כלה מיט געלד-אדאם איז ער נאר וואס אוועקגעגאנגען אויף דיא תנאים.

**דיא אונבעקאנטע** וואשערע תנאים?

**שמואל** איך זאג זיך אייך בייא איהם איז אצונד תנאים ער ווערט א חתן.

**דיא אונבעקאנטע** אה לאנג לעבען זאללען זייא פאר דער בשורה, איך באדאנק זייא זעהר אונ א דאנק דעם אייבערשטען וואס ער האט מיר געבראכט צו אזא לוסטיגער צייט ווען מיין דודקעלע ווערט צו מזל א חתן, יעצט בעט איך פון אייך הארצינקע אז זייא האבען שוין אנגעפאנגען צו טהון א מצוה זאללען זייא זיא שוין טאקי קאנצענען אונ צייגט מיר אקארשט א ווא איז זיין כלה? —

**שמואל** פאר וואס ניט איך וועל אייך אודאי ווייזען, נאר איך וועל אהין ניט אריינגעהן איך וועל אייך נאר אנווייזען דאס הויז קוממט (ערגעהט אוועק).

**דיא אונבעקאנטע** (געהט איהם נאך) אה לאנג לעבען זאללען זייא.



## פירטע סצענע

(דיא דעקאראציעס ווערין איבערגעביטען עס ווערט פארגעשטעלט, דאריעס ציממער זעהר שיין בעלייכטעט—דאס נייע פאריל משה מיט חינקען ערשט פון דער חופה געקוממען—זיצען נאנץ וויט אונטער א טיש אונ שמיסען צווישען זיך פריילין עטליכע מענשען געהען ארום, משרתים דינסטען דרעהען זיך ארים פערטראגען—איספאנסקי לויפט אריין ניך אונ שלעפט נאך זילבערזיידען נעארמט אונטער דער האנר אין א ווינקעלע ער קוקט זיך ארים אונ זאגט איהם שטיללערהייט.)

וואס זאגט איהר אויף דעם וויא אונז איז געראטען מיט חינקעס חתונה אונ מיט אייך, אונ וויא מיר האבען אריינגעדרעהט אהער דעם ליטוואק-איהר מיינט אזוי גרינג איז דאס אונז אנגעקוממען? איהר קענט אייך פארשטעלען וויפיעל איך האב געהארעוועט, איידער איך האב אייער טומע ארויפגעבראכט אויף דערויף וואס איך טענה מיט איהר אז איהר טויגט ניט פאר איהר אונ דער ליטוואק איז נאר איין אנטיק-אונ זיא האלט זיך שטאל אונ אייזען, ניין אונ ניין-וואס איך גיב איהר צו ערקלערען-אז איהר וועט אוועק פאהרען וועט איהר גאר פערגעסען צו ס'איז אמאל געוועזען א חאנציע געגענדיל אויף דער וועלט-אונ זיא שרייט איינס-ניין ער איז פערליבט אין איהר איך גלייב'ס מיר ניט-נאך אללע טענות, אז מיר האבען איהר שוין גוט געגעבען צו פערשטעהן-אז נאר דער ליטוואק טויג פאר איהר האט זיא נאך געקווינקעלט, אונ זאגט מיט א האלב מויל-יאה פאר מיר וואלט שוין אפשר רעכט געוועזען-נאר וויא אזוי וועל איך קענענען צו זעהען דעם רחמנות פון איהם (סהייסט פון אייך) אז ער וועט דארפען אליין זיצען דערבייא וויא חאנציע געגענדעניא זיין הארץ, ווערט פערקניפט מיט איין אנדערען, ער וועט זיך, זאגט זיא, משונה מיינע שונאים ווערין, נא זאג איך איהר, אויב אין דעם איז נאר נעווענדט געהם איך'ם אויף מיר איהר קענט זיך מיך-זאג איך איהר, מיך וועט ער פאלגען, אזוי לאנג אזוי ברייט, וואס ווילט איהר נאך? מיר האבען שוין דעם ליטוואק געשיקט רופען אונ באלד וועט זיין דיא תנאים. —

**זילבערזייד** יאה יאה אצונד זעה איך ארויס, אז מיין קוממען אהער איז געוועזען וויכטיג-געוואלד ווען וואלט דיא חינקע געקענט חתונה האבען ווען דיא זאך זאלל זיך ניט געוועזען אזוי מאכען-נא הערט זשע אויס איספאנסקי דיא זאך איז דערפון אזוי, מילא איך טו דאך באלד פאהרען ווארין דער בילעט איז מיר שוין לאנג אויסגעגאנגען-נאר פאר מיין פאהרען טו איך לאזען דער טומען איין אדיעזנע, אז זיא זאלל מיך האבען צו גערענ=

קען, איך וועל איהר לייגען א צעטיל אונ וועל איהר אויסרעכענען אלדינג וואס זיא האט דא געטהון לאז זיא חאטש האבען א נאאקע אויף ווייטער נישט זיין אזא הונד—אי דאס וואס זיא האנדעלט אזוי געגען פעטער—לאז ער זיך זארגען, א מצוה אויף איהם לאז ער זיך ניט לאזען טרעטען אויפ'ן קאפ—נאר איך וועל איהר שוין באצאהלען פאר איהם אויך.—

**איספאנסקי**—שלעכט שלעכט ווייטער שלעכט—זעהט איהר איהר זענט שוין אהפעטענע דאכט זיך אין דער וועלט אונ פון דעסטוועגען פעהלט אייך נאך א סך—א כלל, זאללט איהר האבען, א שונא אז ער טהוט אייך עפיס שלעכטס—זאללט איהר איהם ניט זידלען אונ ניט שלאגען, ווען איהר ווינשט אפילו אויף זיין טויט איז דאס אויך א נארישקייט—לאז ער לעבען אונ זאלל האבען לעבעדיגע צרות, דאס איז בעססער פון שטארבען—איהר ווילט זיך קיהלען דערמיט וואס איהר ווילט זיא אפזידלען—נא וואס זשע איז? איהר וועט אוועקפאהרען וועט זיא באלד פערגעססען אין דעם, פארקעהרט זיא וועט נאך זיין צופרידען, פאר וואס, מיט אייך איז ניט אויסגעפיהרט געווארען דיא זאך, איהר טהוט איהר אזוי, איהר דארפט איהר איבערלאזען א ווייטיג אין הארצען, אז איביג זאלל זיא האבען צו בייינקען אונ זאל זיך אלליין פארוואורפע מאכען, אז דאס גליק (ס'הייסט איהר) איז איהר געקומען אין דיא האנד אריין, אונ זיא האט'ס אפגעלאזט—דארום ביז אין לעצטען אויגענבליק פון אייער אוועקפאהרען מוזט איהר אויסהאלטען אייער ראללע, איהר דארפט אצינד זיצען פערזארגט וויא אן א קאפ, וויא איינער רעדט, אז איהר אלליין מוזט'ס נאך צו זעהן מיט דיא אויגען, אז איין אנדערער נעהמט צו, אייער פלאסטער פון דער פיאטע אונ מיט דעם ווינט איהר אוועקפאהרען, איהר פערשטעהט זיך מיך? מיט אייך דארף איך זיך לאנג ניט טענען אט געהט זיא אט געהט זיא—(וילבערזייד דע־זעהט פון דער ווייטען זיא אריינגעהן בייט ער ניך איבער זיין פאזע ער ווערט אומערינ אונ לאזט אראפ דעם קאפ).

## פינפטע סצענע

**איספאנסקי** (בעמערקט נישט קלאמערשט וויא זיא קוממט אן אונ רעדט ווייטער) ווייס איך, פאלגט מיך אונ שלאגט'ס אייך ארויס פונ'ם קאפ, לאז זיך אייך דאכטען אז איהר האט קיין מאל נישט קיין חאנציע געגענדעל געזעהן אויף אייער לעבען—נא קוממט וועללען מיר נעמען צו ביסלעך משקה!



**זילבערזייד** (פערזארגט) אוי! יאה איך איז גרינג צו זאגען: „שלאגט ארויס פונ'ם קאפ" אבער מיר! מיר! אדא אדא ליגט (ער ווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן הארצען) אדא ליגט בעגראבען א ווייטיג, וואס קיינער ווייסט'ס נישט.

**סאסיע** (האט דאס שוין צוגעהערט פון ווייטען זיא געהט צו צו איהם פאמעליך, איספאנסקי טרעט אפ צום נייעם פאר פאלק) וואס זיצט איהר עפים אזוי?

**זילבערזייד** (מאכט זיך הארץ קלאמערשט) גאר ניט גלאט אזוי.

**סאסיע** וואס הייסט „גאר ניט", וואס דען זיצט איהר אזוי? שיין שיין, דער מוטען ווילט איהר אויך נישט דערצעהלען?

**זילבערזייד** (מאכט זיך הארץ) גאר ניט וואס איז איך טאר מיר ניט זיצען אזוי ע—וואס האב איך אייך געוואלט עפים פרעגען? וואס איז דא תנאיח וואס גרייט מען'ס עפים צום טיש אונ מען צינדט אן אזוי פיעל ליכט?

**סאסיע** וואס מען צינדט אן אזוי פיעל ליכט—ג־ג טאטאניא! אז פינסטער אונ וויסט זאלל נאר נווערין דיא אין דיא אויגען וואס האבען מיך נאר אנגערעדט דערצו.

**זילבערזייד** צו וואס?

**סאסיע** צו דער... !— צו וואס קענען דען ניט צורעדען, אייערע מאנקבלען דיא זלידניעס זייא זענין זיך נאר, אומשטייענסגעזאגט וויא קליפעס, אז זייא טשעפען זיך צו צו א מענשען, קענען זייא איהם גאר פערמיטשען—אונ וואס בין איך אין גאנצען מעהר וויא א שלאפע נקבה—ס'איז דען פאר מיינע כוחות זייא איבערשפארען אונ שטעללען זיך מיט זייא?—מן הסתם האט מען אייך שוין דערצעהלט!

**זילבערזייד** (א זיפץ) אוי יאה איך ווייס שוין פון מיין אומגליק!

## זעקסטע סצענע

**חאנציע גינעגדעל** (לויפט אריין שיין געקליידט פרייליך לוסטיג אונ לויפט צו צו סאסיען) סאסיע סאסיע געה שוין גיכער—געסט קוממען אן מ'דארף זייא אויפנעמען.

**סאסיע** ג־ג־נעמען זאלל זייא דער וואס איך ווייס דיא וואס רעדען מיך נאר אן צום שלעכטען ניחא זאלל זייא זיין אזוי צו לעבען אויף דער וועלט וויא מיר איז ניחא דער גאנצער משא ומתן (זיא געהט אוועק).

## זיעבעטע סצענע

**זילבערזייד** (צו חאנצי גינענדלין פערזוארגט) נא און איהר זענט גאר פריילעך ?

**חאנציע גינענדיל** נא דיר נייעס, וואס הייסט ; נא און אז איהר זאללט א חתן ווערין וואללט איהר ניט געווען פריילעך ? — אז מ׳ווערט א כלה דארף מען טאנצען — (זיא טהוט זיך א דרעה מיט א טענציל).

**זילבערזייד** נא און דאס וואס איהר האט מיך ליעב געהאט, און דאס וואס איהר האט מיך גערופען ליאבע מיינע און דאס וואס איהר האט מיך געקושט.....? (ער טהוט א זיפץ) אוי !

**חאנציע גינענדיל** (טהוט א מאך מיט דער האנד) ע אין דעם לאמיר פערגעסען, וואס זשע איז ? פריער האט מיר דיא שוועסטער געזאגט אז איהר זענט מיין חתן, האב איך איך ליעב געהאט היינט וועט זיין דער מיין חתן וועל איך איהם ליעב האבען ער וועט מיר שיקען מתנות, א פאבער א בראש, אוירינג און טאקי באלד וועט זיין דיא חתונה און אויף אייך דארף איך ערשט ווארטען ביז איהר וועט אויסנעהען.

**זילבערזייד**–וואס ?

**חאנציע גינענדיל** (טהוט א טענצעל און זינגט זיך צו) דוא ווארסטעט. דוא ווארסטעט ! (זיא וויל אוועקלויפען).

**זילבערזייד** פאשא ! חאנציע ! פאשא !

**חאנציע גינענדיל**–וואס ?

**זילבערזייד** פארדאהן איך וויל אייך עפּיס פרעגען.

**חאנציע גינענדיל** נא נא א פארדאן זענט איהר אליין (זיא לויפט אוועק טאנצענריק זילבערזייד לויפט ארויס).

## אכטע סצענע

פייטיל דור מיט נאך א צווייא מענשען מ׳ט יורקע דעם שרכן, דאריע ר׳ חאזקיל מאסיע מיט דער מוטטער קוממען אללע און זייא זעצען זיך ארים טיש).

**ר׳ חאזקיל** (נעהמט ארוים דאס פישקעלע מיט טאבאק און טרייט צו צו סאסיעס מוטטער) מהכי תיתי לאז שוין דעו׳ אייבערשטער געבען ס׳זאלל שוין זיין, איך בייט איבער אייער כבוד, מיט מזל און ברכה !

**דיא מוטטער** (נעהמט בייא איהם א שמעק טאבאק און פערגלאנצט דיא אויגען) רחמנותדיקער גאטט לאז שוין היינט זיין מיט מזל און ברכה און אייך איז אלץ באשערט בייא אונז צו פערדיענען.



**ר׳ חאזקיל** איך האב א טבע אז דארט, וויא איך האב שוין [illegible] איך בייט איבער אייער כבוד, אנגעשריבען תנאים [illegible] דארט א בן בית שטענדיג (אביסיל שטיללער) זאגט נאר מיר [illegible] איך האב געהערט זאגען אז דער חתן איז, איך בייט אנגעזעהענע [illegible] ליטוואק ?

**דיא מוטטער** (אביסיל דערשראקען) יאה ? נא וואס זשע איז ?

**ר׳ חאזקיל** (שאקילט מיט׳ן קאפ) מצ ! מצ ! מצ ! וואס דיא זעהנין גאר פייער, פיס פיס, יאה איך קען זייא דיא ליטוואקים דיא לייט מוזט איהר וויסען וואלגערין זיך פריער אוים, איך בייט איבער אייער כבוד, אין אללע ישיבות און בתי מדרשים, זייא קענין גוט לערנען זייא זענין ווילדע בעלי מוחות.

**איספאנסקי** (פון ווייטען) ר׳ חאזקיל זייט זשע מוחל ! (ר׳ חאזקיל נעהט צו און נעמט שרייבען דיא תנאים יורקע דער שרכן שאשקיט זיך טא מיט דעם חתן טא מיט דארנען טא מיט סאסיען און לויפט אללע מאהל צו צו ר׳ חאזקלין, סאסיע שטעהט אלץ פערזארגט גלייך וויא איהר איז דאס ניט ניחא און פארט ניחא).

**יורקע** נא ס׳וועט שוין זיין רעכט מען דארף געהען, אנגרייטען א צעבראכען טעלער אויף צו וואךפען (ער געהט אוועק).

## ניינטע סצענע

**זילבערזייד** (קוממט אריין רייזע פערטיג מיט א רייזעטאש מיט לאנגע באהטפארטען)

**סאסיע** (לויפט איהם ענטגעגען) וויהין איז ?

**זילבערזייד** איך מוז פאהרען.

**סאסיע** וואס רעט איהר ס. . .

**זילבערזייד** אויב איהר ווינשט אז אייער פלימעניק זאלל נאך האבען א נשמה אדער אין הארץ, זאללט איהר איהם צווינגשעווען און ער זאלל זיך פאהרען–ווארען זיין בייא דיא תנאים קען איך׳ס ניט אויסהאלטען נא און זייט מיר געזונד לאז גאטט געבען ס׳זאלל זיין מיט גליק (ער געזעגינט זיך מיט אללע).

**סאסיע** אוי ! (זיא וויל ווינען און בעלויט איהם ביז צו דער טהירע מיט דאריען).

**סאסיע** (קעהרט זיך אום מיט רציחה אויף דאריען) דאקיע ?. . . (ער דערשרעקט זיך און ריקט זיך אב צווישען דעם ריידיל ארים טיש, וויא דער החן זיצט)-

(מ'הערט א נעוואלד א נעשרייא אין קעך, דאס קול קוממט אלץ נעווענטער פלוצלונג פאלט אריין אין שטוב אריין יורקי פייפער אונ טאסקיט א טאפ פאר'ן אויער, אונ דיא דינסט אין מיטען איין ארבייט אוועקגעווארפען פאריקט דעם שלייער אין א זייט פאר היטספיט, לויפט נאנאך).

יודקע אין איין קול מיט דער דינסט
אט איהר געהערט אזא פארשיווא אוועק! דיא עזותניצע! אט איהר געהערט אזא איין עזותניצע! דא איז תנאים דא איז א שדוך, דא איז א גאטס זאך וויפיל לויפט מען זיך אן מ'האט קאם דערלעבט דארף מען ברעכען טעפ—אונ אט דיא עזותניצע! אוועק דיא פארשיווא! — ארויס וואס האסטו דא צו טהון!

דינסט עפיס נאר איין אנשיקעניש אויף מיר לויפט אין קעך אריין אונ חאפט דעם טאפ מיט'ן פלייש, איך שרייא וואס ווילט איהר דער טאפ איז פערליידיגט, איך האב דער בעל הביתטע איבערגעלאזט פינ'ם ווארימס א שטיקיל פלייש אויף וועטשערע אונ ער טאריט שוין אריין דיא לאפיש—אונ ליינט שוין אין מויל, איך ריים אוים דעם טאפ אונ ער לאזט ניט אונ זידעלט זיך נאך מיט אזוינע פזיונות טאטאניא, עפיס נאר איין אנשיקעניס! —

סאסיע (צו דער דינסט) נא געה! געה!

איספאנסקי (לויפט אונ שטיפט זיא ארויס צו ר' חאזקלין) לייענט דיא תנאים!

(ר' חאזקיל נעמט לייענען אללע קוקען איהם אין מויל אריין נאר איין יורק: איז פערטראגען ער טהוט אללע מאהל בגניבה אריין דיא הענד אין טאש. אונ פערצערט זיינע בייטע ר' חאזקיל לייענט אפ דיא תנאים אונ הייבען אויף דיא הענד מיט דיא טעללער צו ווארפען אונ שרייען) מזל טוב...

פייסיל דוד (האלט איין דעם עולם) ט ס ס ס! ווארט נאר ווארט א ווייליטשקי (אללע בלייבען שטעהען אונ קוקען אויף איהם) עס איז דאך נארים, חלעבען, וויא איהר קוקט מיך אן בין איך מיר איין אפפענער מענש, חלעבען פיליייכט ווילט זיך אייך איינוויקלינגען, אויף מיינע תנאים, איך מוז אייך זאגען פארויס, אז איך האב א חסרון—חלעבען איך בין איין אפענער מענש איך וועל אייך זאגען דיא ווארהייט.

אללע (פערוואונדערט) וואס איז?

פייסיל דוד שרעקט אייך ניט מיינט ניסט אז איך האב א חסרון אין גוף אבע איך ווייס וואס איהר זעהט דאך מיך—גלאט איך בין חלעבען איין אפענער מענש איך וועל אייך זאגען פארויס פיליייכט ווילט



איהר ניסט איז קיין אומגליק ניט א מקח טעות אונ ווייטער נאר ניסט.

אללע—וואס זשע איז?

פייסיל דוד ערסטינס האב איך צוריקגעלאזען ביי מיר אין הויז איינינע קליינינקע נפשלעך, צוויא זכרים אונ איינע קליינינקע מיידעלע, צווייטינס בין איך סוין א פינף זעקס פסח'ן פון מיין היים, האט זיך מיר אפגעדאכט אז מיין חאשקי איז שוין לאנג אוועקגעשטארבען, על כל פנים, בעקוטם איך ניסט לאנג א א קליינינקע מכתביל—פון איהר אז אין פאלל איך וועל ניסט קוממען צו־נ־איהר וועט זיא קוממען צו מיר, אונ דריטענס...

יודקע (מיט כעס) אונ דריטענס זענט איהר א הונד א ליטוואק! פערשטעהט איהר? ער דארף נאך זאגען דריטענס, דאס צווייטע איז גאר קארג, סטאטש וויא אזוי נארט מען אפ איין עולם מיט מענשען הונד.

פייסיל דוד ע אז איך וועל זיין אין דריטענס א הונד וועט איהר דאך זיין איז פירטענס א חזיר! פערסטעהט איהר—איך סטום דאך וויא איין ארדענטליכער מאן, איך וויל דאך מיין ווייב פאהרען אפגטין, נאר מיר פעהלען דיא איינינע רובעל, וואלט איך האבען צרות אונ קריינק וואלט איך איהר אודאי געגעבען, אסור חזיר ווען איך האב דרום וויל איך דא נעמען דיא איינינע רובעל, דאס איז דאך מיין פלאן געוועזען אונ וועל זיא פאהרען אפגעטין—אונ וועל חתונה האבען אויף דיא מיידעל. (פין ווייטען עפעסענט זיך דיא טהיר ער רעדט ווייטער) פערסטעהט איהר? איך מיין דאס ערנסט ביא מיין עהרליכקייט זאלל מיר באמת אזוי דער אייבערסטער העלפען איך זאלל אזוי בסלום היינטינס יאזור מיין מכשיפהטע חאשקין בעגראבען—דאס איז ביא מיר א סבועה דאוריי...

דיא אונבעקאנטע (לויפט אריין אונ ווארפט פין זיך אראפ דיא שאל) חאשקי וועט דיך פריהער בעגראבען דוידקי! דיר האט זיך אפגעדאכט איך וועל דיר ניסט אפזוכען? זייט עדות יודעשע קינדער אז דאס איז מיין מאן (אללע בלייבען שטעהן דערשראקע סאסיע ברעכט דיא הענד אונ גלאנצט אוים א פאר בייזע אוינען אויף דאריען. דאריע רוקט זיך אללע מאל אפ פין איהר אונ קוקט זיך אום מיט שרעק. חאנציע גינענדיל שטעהט ברונז אראפ געלאזט דעם קאפ. ר' חאזקיל האט ניט פאספעיעט צו טראגען דעם שמעק טאבאק צו דער נאז אונ בלייבט אזוי שטעהן. יורקע האלט עפים אין מויל אונ נאשט אונ מאכט אלץ מיט'ן קאפ נא! נא! איספאנסקי פערשעלט זיך מיט ביידע הענד דאס פנים אונ שטעלט ארוים א צונג. דיא

אונבעקאנטע שרייעט אלץ אין איין געוויין) זייט וויסען יודעסע קינדער! סוין

8 יאהר אז ער האט מיר אנועקגעווארפען מיט קליינינקע קינדערלעך, איך זאלל דאס נאר וויסען א וואו זיין געביין איז פערפאללען געווארען אונ איך סטארב פאר הונגער יעדען טאג א הארעבע! א באליאצקי! (זיא חאפט איהם פאר'ן האלז) קומם כלב סבכלבים קומם גט מיר איך וועל דיר ניכט אפלאזען! —

**פייטיל דוד** קאלטבלוטיג לאזט זיך ארויסנעהן) קום! קום! כפרות שלאגען געה איך באלד מיט דיר (צום עולם) האב איך אייך געזאגט אז איך האב א חסרון, וואס זאגט איהר צו דעם? . . .

**דיא אונבעקאנטע** הא אויסגעניקארט זאללסטו ווערין א מהומה זאלל אויף דיר קוממען! (זיא שלעפט איהם אוועק אונ בעלייט איהם מיט קללות).

**סאסיע** (ברעכט דיא הענד אונ קריצט מיט דיא ציין צו דאריען) נא? דאריע! נא

**דאריע** (רערשראקען לויפט צו צו דער טהיר וויא פייטיל דוד איז ארויס) וואַרט וואַרט איהר געהט כפרות שלאגען? נעהמט נאך מיט א....

---

# די יודענע

פערשיידענע געריכטע אונ טהעאטער

אין פראסט יודישען

פון

## אברהם גאלדפאדען

(דער מחבר פון'ם „יודעלע".)




אדעסא

בדפוס אולריך עט שולצע.

---

ДИ ИДЕНЕ

т. е.

# ЕВРЕЙКА

или

Собраніе лиро-эпическихъ и драматическихъ сочиненій на жаргонѣ

А. ГОЛЬДФАДЕНА

ОДЕССА.
Въ типографіи Ульриха и Шульце.
1872.